

שאַרבלאַט און צייכענונגען
פון מיכאַאיל יאָ.

געדרוקט בא אליי לעווין,
ריגע, הערן גאַס 26

# סאַמבאַטיען

## זאַמלבוך


פֿאַרלאַג אַרבעטערהיים

ריגע 1922

אינהאַלט פון בוך „סאַמבאַטיען".





. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין שאָ פון ליכטיק־פרײדיק פאָרגעפיל, פון לעבן־שאַפנדיקן קאַמף איז אַמאָל סאַמבאַטיען געבאָרן געוואָרן, סאַמבאַטיען, דער אײביק זיך בײטנדיקער גרענעץ פון װײט־נאָנטן ערגעץ־לאַנד.

אַמאָל, אַמאָל האָט פאָלק־בײנקשאַפט דעם־ראַיען מיט פעלזן־באַװעגנדען לעבן אָנגעפילט, אָבער זײט הונדערטער יאָרן פון גאָלד־באַצירטער אָרימקײט איז סאַמבאַטיען אין מידבאָר־זאמד פאַרשװאונדן, אונטערן שװעל פון פאָלק־באַװאוסטזײן זיך פאַרקראָבן.

סאַמבאַטיען האָט זײן דװירעס לאַנגען אומעכטיק־אומעטיקן שאַבעס געפּראַװעט. און קײן אײנציקן שטײן פון האַס און צאָרן האָט סאַמבאַטיען ניט געשלײדערט אין װאכעדיק־מיעסן יאַריד־הימל, װי ער װאָלט פון קאַדמונים אַ קױטיק־פױלער מיקװע־געמײזעכץ געװען.

נאָר פרעש האָבן געקװאַקעט.

הונדערטער יאָרן. און נאָכאַמאָל האָט סאַמבאַטיען דעם שאַבעס־טויט גוױװער געװען. געשטאַלטן פון פאָלק־באָלעם האָבן זיך אַרײנגעגאָסן אין װעלט־בױענדן װאָר. און הערט, װי עס פליען־פײפן שטײנער פון אופגעװאַכטן סאַמבאַטיען און כינעזישע מױערן פון אַלטן טױטן אַרום.

פרעש פאַרשטומט. און קלאַנגען פול ניצאָכן־גלאַנץ מעלדן נײ פרײ פרײד־לעבן.

הערט! הערט נאָר!! הערט!!! נאָך אַזױנע זשאַבעס־טאַטעס - אַזױנע העלע דונער־שטימען פון גיבױרים־זין.

יונגע אידישע דיכטונג הײסט דער נעס.

דניעפּר, שפּרינגענדיק איבער פּאַראָהעס און בערג אידן־האַרוגים, אונזער נײער סאַמבאַטיען, האָט גרױסן אָנהױב געמאַכט.

און נאָך אים – פון װאָלגע, פון ניעמאַן, פון װײכסל, פון יענער זײט יאַם־אָקעאַן, – פון אומעטום טראָגן זיך קלאַנגען פון נײעם מוט־באַפליגלטן פלאַמענדיקן װעלט־אידן. אומעטום אינדערהײם – צי איז פאַר סאַמבאַטיען מעהאַלעך פון יאַרדן ביז װאָלגע?

בעקאָװעדיקער איז שטענדיק די דװינע געװען. שלאָקער בירגער לױפן ניט. קורלענדער פאַרזאַמען נישט. און אַכציקער־װאוהין זיך אײלן, אויב מ'טרײבט ניט?

אָבער הײנט זײנען זײ שױן ניט קײן אוירכים אַף די דװינע־ברעגן – האָפשטײן, ראַװיטש ליװשיץ, קושניאַראָװ. אומעטומיקע, טױשװים פון דעם אין אונז אַלעמען נײ־געבאָרענעם אײנסאָף.

אויך אין דװינע האָט סאַמבאַטיען זײנע כװאַליעס ברײט צעגאָסן.

ניט נעװיעס זאָגן קומען מיר.

צי שפּירט דען אַלט=אידישער קיבעץ, פּאַרטאָן אין נישטיקן יאַריד=הוהאַ, די טראַגישע מווירעדיקייט פון ראעשדיק אָנגעלאָפּענער גסיסע?

צי האָט ניט קליינער אַרבעט=אַוואַנגאַרד אין זיין גרויסן ראַנגלען שיר נישט פאַרגעסן אידישע דיכטונג און קונסט?

ניין, נישט נעוויעס ווילן מיר זאָגן. נאָר וועגן הײנט דערציילן, וואָס לעבט און פּלאַמט אין אונז. מיר ווילן און מוזן שאַפן, ניי, פריי, אידיש.

מעכטיקער אופּלי האָט אונזער אָטעם פאַרכאַפּט. און דער ערשטער אייגענער וואָרט, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן, איז געווען — אונזער דיכטונג.

מיר האָבן געהערט, ווי ס'האָבן זיך פאַרקלאַפּט שווערע ארכיוו=טויערן הינטער אונזערע אַלטע און נייע קלאַסיקער.

עמעס, נאָך גייען אַרום צווישן אונז אַלטיונגע, נעשאָמע אין אָווער פּאַראַנקערט און אויער צום מאָרגן געשפּיצט. זיי ווילן גיין מיט אונז. וואקלענדיקע טריט, נאָר זיי גייען.

זיי שפּירן צוזאַמען מיט אונז: ס'ווערט געבאָרן נייע שיינקייט:

שיינקייט פון קורץ, פון אָנגעשטריינגטן מוסקל, פון עלעקטרישן וועלט=אָטעם, פּון וועלט=באַנייענדן ראַקורס.

און אונזער יונג=דיכטער איז אָנזאָגער פון אונזער ניי=לעבן=שאַפן:

לעבן מענטשליך פּריי.

שאַפן אידיש ניי.

סאַמבאַטיען האָט שאַבעס=טויט גיוווער געווען!

מ. שאַץ — אַנין.





## דאָוויד האָפּשטיין.

### מ י ר.

א שפּאַן טון מיט נייעם מיט ברייטן
מיט אייגענעם נאָך נישט געגאַנגענעם גאַנג
ווער זאָגט עס ס'איז פרי נאָך, איך דאַרף זיך נאָך גרייטן–
פון יאַרדן ביז וואָלגע איז פאַלג מיך א גאַנג.

געמאָסטן מיט טריט מיט באַשווערטע
די ערדישע דאַרניקע פלאַכן
מיט זיילן פון פייער מיט וועקסענע ליכטלעך
און גרייטע צו זוכן און גרייטע צו וואַכן...

איך זע זיי די בלוטן ביז באָוול
איך זע זיי די דאַרשטיקע, בויערס די צווייטע
מיט טרייסטלאָזע קריצן אַף האַרציקן טאָוול
מיט שניט פון אומזיסטיקן ווייטאָג.

און ווייטער און ווייטער!...
נאָר ווער וועט דערצילן
און ווער וועט עס הערן ווען ס׳פּלאַקערט דער שייטער?
און ווייטער

פאַר פייער ערד
אַ שטויב פאַר שווערד
און ערשטע אָפּפער־שאָף אַף יעדן שייטער!

אַ שפּאַן טון מיט נייעם מיט ברייטן
מיט אייגענעם נאָך ניט געמאָסטענעם גאַנג—
ווער זאָגט עס ס׳איז פרי נאָך—איך דאַרף זיך נאָך גרייטן,
פון יאַרדן ביז וואָלגע איז פאָלג מיך אַ גאַנג!...

מיט שטויביקייט
די גרעסטע שטורעמס פון דער וועלט באַזיגט
און ווידער וויגט מיין פלאַם
די אייביקייט.



## פ א ר ט אָ ג.

איך שטיי ביי מיין פענצטער אין טאוול פין וועגט
צו פלאמען אין מיזראך מיין פאנים געווענדט

אין שרייפעס פון אפשייד אַף הימלישע רוימען
דארט ווערן געבאָרן קאַיאָריקע טרוימען...

אף פלאקער־יעסוידעס דארט הויערן בלויען.
איך וועל זיי מיין בינקען אָן פרעגן פארטרויען.

צוּ רויזן אַף בלוטן, צו העלישע וואונדער
איז הארץ מיינס אין וויגל שוין וואַך און שוין מונטער.

איך שטיי ביי מיין פענצטער אין טאוול פין וועגט,
צו פלאמען אין מיזראָך מיין פאנים געווענדט.

און שוואלבן אלץ שרייבן מיט שווינדיקן פלי,
און קייטלען די וועגן אין ליבטיקן מי.

און רעדער און טלאען מיט שטיינער פון בריק
זיך פריינדן אַף נייעם, אַף הילביקן גליק...

איך שטיי ביי מיין פענצטער אין טאוול פון וועגט,
צו פלאמען אין מיזראָך מיי, פאָנים געווענדט.



* *
*

פאר ליכטיקייט האב איך נאך פריילעכע לידעלעך־זיפן:
ס'איז ברייט דער אַריינגאַנג,
אַרויסגאנג איז שמאָל...
פאַרפלייצן זיך געצן מיט שיין
און שיין זעצט זיך אָפּעט
אַף פּעדים,
אַף שפּיצן
אין ווינקעלעך ווייטע...
דערוואַרעמט זיך שטיל דאָרט מיין זוניקער פאַנג
און דורכזיכט ווערט פליסיק,
און ליכט ווערט געדיכטער,
און גיסט זיך—
שוין קלאָרע קרישטאָלן
און האַרציקע טיפּן...
און זאַמלען זיך טראָפּנס
און קוועלן
און ס'האַרץ גייט אַריבער,
אַריבער די מוילישע שוועלן...
און ס'טריפן
די ליפּן
מיט גאָלדענע זילבן
מיט זילבערנע ווערטער
מיט זאַצן פון שטאָל—
און ס'ווערן פון ליכטיקייט ווידער געשליפן
לידער פון לויטער קרישטאָל...

מוישע ליווּשיץ.

## פראָלאָג פוּנם באַדכן.

אַ צוּגאַנג, אַ סטעשקע, אַן עפּענוּנג כ׳זוּך
צוּ דעם מידבאָר, וואָס וואַקסט אין זיין וויסטקייט, צעשפּרייט
אין מיר אין דער לייַנג, אוּן דער ברייט.

אַזאַ הינטישער גאָט! דער פּאַראיפּעשטער רוּך!
עס וועט העכסטנס דאָך ווערן אַ בוּך,
וואָס מע לייענט אוּן וואָס מע פאַרשטייט
אין דערגיך אין דערגיך
אוּן מע זעט,
אַז אַ דיכטער בין איך.

אָ, די פּלאַנעטן זיינען רייצנדיק אַזוי!
די בלאליכע, די געלבליכע פּלאַנעטן.
אַ קאַטערינטשיק שטייט אין מאָסקווע אַף אילינקע
אוּן נעבן אים —
אַף דעם מיזבייאַך פוּן זיין קאַטערינקע,
וואָס דוּכנט מיט בלעכענער שטים,
אַ פאַלשער נאָווי, אַ פֿייגעלע אַ פלינקע
מיט אַ פּיקער וויים אוּן רויט,
פאַרקויפֿט געדרוּקטע גליקבילעטן,
וואָס רוּפן זיך פּלאַנעטן.

איך וועל נישט בעטן
אוּן איך וועל נישט בעטלען
זאָל זיך די דינסטמויד פרייען מיט די צעטלען.
אוּן מיר — אַהער אָדער אַהין!
רויט, אָדער טויט!
ס׳מוּז קלאָר זיין ווער איך בין.
איך לאָז נישט נאָך אַ לייט.

אַ קויל?
אויסגעשאָסן אוּן ווען אַפילע פוּן אַ פּייערמויל?
אויסגעשפּיגן.
צי גאָר
אַ מעטעאָר?
דער ליגן
אויסגעשריגן.

פון אַ גאַנצן דאָר?
ס'הייסט, טויזנט הערצער פּאָכן
און טויזנט מאָגנס קאָכן
און איך פאַר אַלע אויסגעבראָכן.

און אַז איך וויל נישט שטיין שמירע באַ די טירן,
בעשׂאַס מאַדאַמען לאָזן זיך פאַרפירן
און אַכטונג געבן, אַז עס זאָל אַ קינד
נאָך כאַס-ווּעשאָלעם נישט דערשפירן
דעם רייצנדיקן רייאַך פון די זינד.

איך וויל גאָר זיין מיין מאָסער. אינ'ם כווישעך
ווי איך שטיי און גאַנווע. ווי די דיקע וואַנט
פון אייער נאַכט, פון מיין נאַכט היט מיינע גערוישן —
אויפליייכטן, אַ בליץ טון. זעט, אָט איז דער מוישע
מוישע ליווישיץ. האַלט אים, כאַפּט אים ביי דער האַנט!

אָ, איך זע, עס דרייט זיך פאַר די פיס דער הונט שוין.
ער וועט נישט אַוועקגיין. ר'איז מיין מאָרגן איז ער
און ער איז מיין כויזעק. און ער קומט מיך לינטשן.
אָ, די לאַפיטוטלעך, וואָס שפּילן זיך אין ריזן!
כ'וועל מיך אונטערוואַרפן: שטייניקט, אָ איך בין שוין
גרייט און פאַרטיק! שטיינער, ביקסן, שפּיזן!
כ'ווייס, אַז ס'איז דערוויזן, כ'האָב אַליין באַוויזן.

יאַם און וואַלד און הימל. פרײדהייזער און שענקן.
קליינע קינדער, ווייבער, ווײַן און מיין געווייסן.
אַלעקסאַנדער בלאָקס געזאַנגען, וואָס זיי שווינקען
אָפּ דאָס האַרץ אַף שאָען, ווי אַ מוטערם גסיסע.

כ'קען נישט מער! גענוג, אַז כ'בין די אַלטע זוינע,
וואָס פאַר אַ מאַטביייע גייט זי מיט אייך שלאָפן.
אָבער כ'בין דאָך מער און נישט נאָר יענע זוינע,
כ'בין דאָך אויך די גאַסן, וואו די זוינעס וואוינען,
כ'בין דאָך די מאַטבייע, וואָס וועט זי באַלוינען,
כ'בין דאָך די פאַרוואָגלטע און זאַטליכע פאַרשוינען,
וואָס מיט זוינעס גייען. כ'בין דאָך אויך אַזוינער,
וואָס וועט מיט'ן גאַלעך מאָרגן זוינעס שטראָפן.

ס'פרירן מיר די האָר, ווען כ'הויב זיך אָן דערמאָנען,
ווי ער שטייט באַנאַכט אַ ליכטיקער א פולער
דער וואָקזאַל דער גרויסער, וואו די מענשן שטראָמען,
זיצן, שלאָפן, גייען, געניצן און דולן.

אַלט צעקנייטשטע אידן — פאַרמעטענע בעטלערס.
אידענעס און קינדער -- מיינע קעפּ די וויסטע.
יונגנט — מיפע היילן, רייניקערס און שפּעטערס
און קאָזאַקן — וואָלקנס. העפקער וויל ער -- שיסט ער.

ס׳פאָרן כאָקרים, שוואָמן אָנגעזאַפּט מיט סוידעס.
ב׳פאָרט אַ טירקלטויב אַ היים צו אירע קוואָרים.
און אַן אַלטע כורווע, וואָס נאָך אַליין אַ מויד איז,
און אַן אויסברייער, אַן אָנגענאָגטער וואָרעם.
און אַ כוילעניפּלים אַ זובער פונ׳ם איקער
אַ רוס, ווי זיין אָקטאָבער — יעאוש און עמונע.
און אַן אייז אַף שטראָמן, גלאַט אַזוי אַ שיקער,
קוויט אַף צוויי דריי שאָען און אַ. און אַ... און אַ...

און איך בין זיי אַלע. ס׳רויכערן די לאָמפּן
פון די אויגן מיינע. ס׳וועט אַ סרייפע ווערן!
צופּעליקע וועלן אויסגאַנגען פאַרשטאָפּן.
ראַטעוועט! די פלאַמען שפּרייטן זיך, ווי שערן!
אָטעם! אָטעם! כ׳ווער דאָך, כ׳בין דאָך באַלד דערשטיקט שוין!
אָט שפּרינגט אָפּ דער קאָפּ — דער דאַך פון מיין געביי...

כאָשעווער אב. קאַהאַן! כ׳שיק אייך צו מיין פּיקטשע
דרוקט אים אָפּ אין „פאָרווערטס״ אף דער זייטע דריי.



## טישרי.

דו ווייסט וואָס הייסט אַ פוקס פון מיין באַשערטן וואַלד?
ווען שיקסע האַרבסט לעבט אוף אין מיך דעם אַלטן ווילדן,
דער פייף פון ווייטן צוג די נאַכטשטילקייט צעשפּאַלט
און שטאַלטיק לאָז איך זיך פאַרלאַנגען=סנאַפּעס בינדן.

מיט אויסגעשמעלצטן גאָלד פון צייטיקייט שמעקט דער יונגער טישריי.
לויטערע פאַרטאָגן טרינקען אויס די קעלט פון שטריינגע נעכט
און נאַקעט הוידען זיך צעפּאַטלט ווינטן פרישע,
וואָס וואַרעמען די אויגן מיט וועקנדיקן דעך.

אָ ווער, אָ ווער איז נישט געקומען צו דער סימכע
פון קעלטערס שיקערע און פון מעלייצן וויין?
וואָס פאַר אַן איינזאַמקייט קאָן בלייבן אין איר ווינקל,
ווען ערד צעבראַסטעט זיך און רייפער נאַקעט רייצט,

דערמאָנט מיר נישט די אומבאַוואוינטע הייזער,
פון אַלטע יונגפרויען מיט פאַרלעגערט בלוט!
עס גיסט זיך נישט מיין העלער געזער
פון פרייד פון שטאָלענער אף זייער ברוד.

און יעדן פאָר־עש גיך אַפּן לאַמטערן!
און טליען אַף דער טליע זאָל דער יאָלד—
בעשאַס ס'באַשיינט מיין קאָפּ פון פרוכטבאַרקייט דאָס אויסגעשמעלצטע גאָלד
און ס'טאַנצן מיינע פערזן, ווי יונגע טישריי=בערן.



## ווען מיין שוועסטער ליזע ליוושיץ.

ווען מיין שוועסטער ליזע ליוושיץ גייט פון דעם ביוראָ אַהיים
ביי דער אָפּער, וואו די ברוק איז אויסגעפלאַסטערט שפיגעל=גלאַט,
קוקן נאָך איר מאַנספערשוינען. יעדער אָפּן, צי געהיים:
זע נאָר, זע, ס'אַראַ באַטאַמטע ס'וואָלט בעעמעם נישט געשאַט.

איינער מעסט איר יונגען בוזעם מיט זיין קנייפּנדיקן בליק.
ס'קוקט אַ אַ צווייטער אַפן פיסל, וואָס איז אָפּגעטאָקט און שלאַנק.
און דער דריטער לאַכט אַביסל, ווינקט איר אונטער פראַוועט שטיק.
און דער פערטער צווייפלט — וואַזשנע, אָבער טאָמער איז זי קראַנק.

איינער כאַפּט זיך ביי זיין געלט=טאַש צי פאַרמאָגט ער נאָך גענוג.
און אַ צווייטער בעשבנט: כ'נעם זי אין מיין וואוינונג ביליג=וואויל.
און דער דריטער זוכט אַ גומי. ער איז פאָרזיכטיק און קלוג.
און דער פערטעד בלייבט נאָר שטיין מיט אַ סלינענדיקן מויל.

און מיין שוועסטער, זי, די ליזע איז דאָך שעמעוודיק אַזוי.
ווען זי מוז זיך זעען נאַקעט, ווערט זי טאָמיד צונטער=רויט
וואָס דערפילט זי ביי די בליקן פונ'ם פרעמדן מאַנספאַרשוין
ווען די טיזונט אומפאַרשעמטע שטעכן טייוועדיק איר הויט.

און — צי זאָל איך מוידע זיין — אַז איך בין אויך געווען דערביי
עמעס, כ'האָב פאַרגעסן דעמאָלט, אַז עס איז מיין מאַמעס קינד,
אָבער פאַווניש מיטגעשמאָלצן אָ, דאָס פעניםל איז ניי
אויך געזוכט דאָס געלט, אַ גומי און איר נאָכגעאיילט געשווינד

בײ דעם שטאָלצן אָפּער־בּיניען, בײ בּעטכאָװנס, װאַגנערס הײם,
װאו דאָס ליכט אין שפּיגלפּענצטער װערט געקױפּלט זונען־העל,
שטײען טײװעדיקע מענער, יעדער אָפֿן צי געהײם
רופֿט זײן שװעסטער כאָנטע זיסע קום מיט מיר אין אַ האָטעל.

לאָמיר זאָגן סאיז ניט עמעס. כ׳האָבּ קײן שװעסטער ליזע ניט
און געבּוירן און פאַרלאָרן האָבּ איך זי בּאַנאַכט אַצינד,
װען דער טישרײ־װינט געװעלטיקט אַף די פעלדער נאָכ׳ן שניט
הוליעט רױצכיש, שרײט, װי ניגזל, זיך, צו זיך, פון זיך דער װינט.





א. מ. פוקס.

# טשיזשיק.

— דערציילונג —

## I.

די פאַרשיידענע עסערס, קעפּ, קליינע פּאַרוואַקסענע שפּיציקע מיט שוואַרצע צעקריי־זלטע לעקלעך, גרויסע ברייטע מיט געוואַלדיקע שטערנס ווי די אַרבוזעס, לאַנגע טשאַפּרינעס און גלאַנציקע ליסענעס, מיט ברילן און אָן ברילן, אָט די אַלע פרעמדע וואָס דרייען זיך אַרום, דאָ אין דער הויפּטשטאָט, און וואָס אַ יעדער פּון זיי איז אַן „עפּעס" פּאַר זיך אַ „קינסטלער", אַ „סטודענט", אַ „פּאָליטיקער", זיי אַלע, מיט קליינע אָנגעזועצטע טראָפּלעך שווייס אַף די נעז, זיי אַלע האָבן זיך ווי יעדן טאָג דאָ אין דער אידישער פּאָלקס־קיך „איינהייט", אין דער פּייכטער פּאַרנדיקער היץ, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער סטעליע, פּאַמעליכן, פויל, מיט קאַוואָנע און ראַכווע אַלע גלייך געשאָקלט איבער די טעלער אַהער און אַהין ווי גייענדיקע קאַטשקעס, און ס'האָט זיך אויסגעדאַכט אַז נור בלויז צוליב דעם דאָזיקן „עסן" קומען זיי אַהער אין „זאַגראַניצע".

דעם לעצטן מאַכל האָט מען איינגענם געגעסן זייער לאַנגזאַם, אַ קאַזאַים נאָך אַ קאַזאַים אָבער דער קעלנער מיט דעם פאַרשמירטן קאַפּעל אַפּן שפּיץ קאָפּ האָט געיאָגט, אונטערגעטריבן אָן ראַכמאָנעס: „עסן און גיין"... עסן און גיין... קיינער האָט זיך נישט גערירט, עס האָט זיך נישט געגלוסט אַוועקצוגיין. באַזונדערס האָט זיך נישט געגלוסט אַוועקצוגיין דעם שפּילער לאַזאַר און דעם פּרעמדן מיידעלע אין דעם אָרעמען אָפּגעריבענעם יאַקל, וואָס פּלעגן זיך יעדן טאָג אין מיטיק־צייט דאָ באַגעגענען. דאָס מיידל האָט זיך קעסיידער גמיט נישט אַקוק צו טאָן אַקעגן־איבער, וואו לאַזאַר איז געזעסן מיט זיין ווייבל מאַשאַ. אָבער אַלע מאָל ווען זי האָט געפּרובט פאַרגאַנוועט אופהייבן די אויגן פונ'ם טעלער, האָט זי זיך באַגעגנט מיטן בליק פון לאַזאַרס ווייבל אַ בייזן, אַ גיפּטיקן אַ שרעקליכן, נור אָט פילט זי ווי לאַזאַר קוקט אַף איר מיט זיינע גראָע מידע אויגן, וואָס אין זיי איז גרויזאַם אויסגעלאָשן אַ יעדער שיין פון כירעש. זיי ווייסן אַלץ. דאָס מיידל קלאַפּט מיטן מעסער און פּאַרלירט זיך אין שטילן אָנגענעמען ציטערן. אין דער זעלבער רעגע אָבער טוט דער קעלנער אַ כאַפּ אַראָפּ דאָס קאַפּעל פּונ'ם קאָפּ, לייגט עס צענויף אין פיר כאַלאָקים אין געפּרעסטע „קנייטש" באַהאַלט עס אין קעשענע אַריין און אָנטוענדיק דעם קאַפּאָלאָטש שרייט ער מיט אַ ניגן:

— בענטשן, מיינע מענטשן!.. בענטשן... דעמאָלט מוז מען שוין גיין. איינער נאָכן אַנדערן הויבט מען זיך אוף פויל, איינגעבויגן, מיד און מען פאַרשווינדט.

לאַזאַר איז געגאַנגען פארויס, פּאַמעליכן, אין דער גריענדיקער שטויביקער זומער־היץ. די ברייטע פלייצעס אַביסעלע איינגעבויגן ווי ער וואָלט געדולדיק געטראָגן אַ נישט־געזועענע שווערע לאַסט אַף די אַקסלען. אונטער אים, ווי טאָמיד האָט זיך נאָכגעשלעפּט זיין ווייבל, אַ קליינע, אַן איינגעדאַרטע אין אַ קורצן איינגען קליידל מיט אַ פּאָנים וואָס איז געווען ענליך צו אַ פייג. און ווי טאָמיד האָט זי נערוויז געמאַכט און גערדייט מיט די הענט און מיט די פּינגער אונהיימליכע ווינקענדיקע סימאָנים, גיך, גיך, קוים מיטן אויג צו דערזען, ווי ס'ריידן די שטומע, און איר קליין שוואַרץ צעקנייטשט היטעלע וואָס האָט נישט געהאַט קיין שום פאָרם און האָט אויסגעזען ווי אַ צודרייטער אַלטער שוך, האָט זיך שיף אַף איין זייט קאָפּ ביי איר געהייבן און אונטערגעטאַנצט. זי האָט גערעט גיך, גיך, און טרוקן, ווי ס'וואָלטן זיך געשאָטן נים פּון אַ זאַק עפּעס אַ מאָרנע פּרעמדע שפּראַך,

לעטיש, און מען האָט נור אַרויסגעהערט אַלע מאָל דאָס איינע וואָרט: לאַזאַר! און ווידער אַ מאָל: ל—אַ—ז—אַ—ר! מאַנכער פֿון די אַקעגנקומעדיקע בירגער מיט אַ שפּיציקן בויך האָט זיך אָפּ אַ רעגע אָפּגעשטעלט און בעשאַס ער האָט אַראָפּגענומען דעם הוט און זיך מיט מי געווישט דעם שווייס פֿונ׳ם שטערן און פֿונ׳ם געפּאַלדעוועטן קאַרק, איז געווען אַ ראַכמאָנעס צו זעען ווי ער שטריינגט זיך נעבאַך אָן מיט אַלע כּוחים צו כאַפּן כאָטש איין איינציק וואָרט, וואָס די ריידנדיקע שיט פֿון זיך. נור אָט טוט פּלוצים אונטער די פּלייצעס אַ קלונג די טראַמוואַי, אַן אַניאָגנדיקער אַויטאָמאָביל מיט וואָלקן שטיקנדיקן גאַז פֿון אונטן, טוט עטלעכע מאָל אַ געוואַלדיקן מכוך ווי אַן אָקס גלייך אין אויער אַריין און דער בירגער אַנטלויפֿט גיך, שפּרינגענדיק איבערגעשראָקן אַהער און אַהין אַפּן וועג. דערפֿאַר אָבער בירעשן זיך ניט די אַקעגנקומענדיקע שיינע שלאַנקע מיידלעך אין די לופֿטיקע ווייכדורכזיכטיקע זומער⸗קליידער מיט די פֿעסטע ברוינע העלזער אָפּגעברענטע פֿון דער זון מיט אַ שטרייף אין מיטן ברוסט און רוקן, גלייך זיי וואָלטן געוואוסט אַז באַלד גאָר אינגיכן וועט פֿון זיי אַליין ווערן פּונקט אַזעלכע זעלבע קליפּעס ווי לאַזאַרס ווייבל. זיי האָבן פֿאַרשטאַנען דאָס פֿרעמדע לאָשן.

דער שטראָם וואָס פֿליסט טאָמיד פֿול און בלאָ אין מיטן שטאָט, איז איצט אויסגעטריקענט און אויפֿן דנאָ זעען זיך פֿאַרזשאַווערטע שטיקער בלעך, אַ צעבראָכענער מיעסער טאָפּ מיטן מויל אַראָפּ. פֿון יענער זייט אין די שמאָלע שמוציקע געסלעך וואו די ווענט זײַנען פֿעט און שיילן זיך און פֿון די אָפֿענע צעקרימטע פֿענסטער פּילט זיך אַרויס אַ שלעכטער אָרעמער רייעך, באַווייזט זיך אַלע מאָל פֿון אַ ווינקל צווישן די ברודיקע פֿאָרהייגנלעך אַ גרויס צעפּרעסן רויט⸗אָנגעמאָלן פּאָנים און זי ווינקט זיסלעך מיט אַ פֿינגער פֿאַרגאַנוועט, איין מאָל און נאָך אַמאָל. דאָ אַפֿן פֿינסטערן פֿירטן שטאָק, וואָס די טרעפּ זײַנען שוואַרץ און אויסגעטרעטן האָט לאַזאַר אָנגעקלונגען בײַ זיין פֿריינד טשיזשיק אין טיר. אין קוק לעכל האָט זיך באַוויזן אַן איינציק אויג וואָס האָט אויסגעפּילט דאָס גאַנצע לאָך, גרויס, שפּיציק און שאַרף און האָט אָנגעיאָגט אַ מאָדנעם פּאַכעד. די טיר האָט זיך אַ ביסעלע געעפֿנט און כאָטש טשיזשיקס באַלעבאָסטע האָט לאַזאַרן און זיין ווייב גוט געקענט, האָט זי זיי פֿונדעסטוועגן, ווי טאָמיד לאַנג און פֿאַרדעכטיק באַטראַכט פֿון אונטן אַרויף און נישט אַריינלאָזנדיק זיי, געזאָגט: — צו מיר קומען נישט קיין געסט... כ׳האָב דעם „הערן״ פֿאַרדונגען דעם קאַבינעט נאָר פֿאַר דער נאַכט צו שלאָפֿן... בײַ טאָג טאָר קיינער נישט זיין... איך האָב פֿיינט אז מע מאַכט מיר אַ טעל פֿון די מעבל...

מאַשע האָט זיך אַריינגעשטופּט דורך דער טיר⸗שפּאַרע און זיך געבעטן:

— מיר וועלן גאָר נישט טון... נור אַזוי, אַביסל זיצן...

טשיזשיק איז נישט געווען אין דער היים. אין קילן טונקל⸗פֿאַרלאָפֿענעם צימער האָט פֿון דער וואַנט אַראָפּגעקוקט אַן אָפּגעריבענער הילצערנער געקרייציקטער מיט אַ פֿאַרלייגט קעפּל אַף אַ זייט און דאָס בערדל איז בײַ אים געווען לייגנער ווי געוויינליך, מיט אַ שפּיץ און ס׳האָט אויסגעקוקט ווי פֿאַלש, צוגעקלעפּט. אַף דער ברוסט האָט זיך געלייכט די געעפֿנטע וואונד געל⸗רויט פֿריש⸗בלוטיק וואָס טשיזשיק האָט איינמאָל, בײַ⸗נאַכט אונטערגעשמירט מיט רויטע שמינקע קדיי „ער״ זאָל מער ליידן... אַפֿן טיש האָבן זיך געוואַלגערט שוישפּילערישע פּאַרוקן וואָס האָבן דערמאָנט אָן אויסגעקראָכענע קעפּ איז וועלכע טשיזשיק פֿלעגט „פּראָבן״ זיין אייביקן „גאַמלעט״ און צווישן זיי איז געלעגן אַ פּאַפּירל מיט קעז, גרין, אַלט און פֿאַרטריקנט.

לאַזאַרס ווייב איז געזעסן אין ווינקל אפן זאָפע און געשוויגן. גראָד דאָ האָט זי האַרטנעקיג געשוויגן. און אין דעם דאָזיקן שווייגן, אין דער טיפער קילער שטילקייט וואָס האָט אומהיימליך לייכט געקלונגען אין די אויערן האָט זיך געדאַכט רעדט אַרויס דער באַהאַלטענער שטומער טרויער פונ ם גאַנצן לעבן. איינגעשרומפן מיט דער אַרויסגעשטעקטער שפּיציקער מידער נאָז, די אויגן פאַרקוועטשט, דאָט זי אויסגעזען, ווי אַ דרימלענדיקער אַלטער פויגל, און לאַזאַר האָט דערפילט צו איר אַ ראַכמאָנעס, יענעם זעלטענעם עמעסן ראַכמאָנעס צו די אומגליקליכע, וואָס קומט נאָר אין יענער מינוט ווען מען דערפילט דאָס אייגענע אומגליק. און איצט האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'קען אַנדערש נישט זיין, אַז זי, זיין אומגליק, איז מיט אים צעניפגעוואַקסן אינאיינעם, אַף זיין פּלייצע, און ס'איז אים גוט אַזוי צו שלעפן זיך דאַמיט דאָס גאַנצע לעבן־לאַנג, זיך צו פאַרקריכן דאַרין, צו באַהאַלטן זיך אין דעם, ווי אַ סלימאַק אין זיין הייזקע, וואָס איז אים אָנגעוואַקסן אפן רוקן. טשיזשיק איז אַהיים געקומען און מיט אים איז אַריין דאָס פּ־עמדע מיידל.

— נאַ, זעסט, לאַזאַר! דאָס איז פּרידאַ... ענדליך האָב איך געפונען אַן „אָפּעליאַ". שוין יאָרן לאַנג אז כ'זוך אַן „אָפּעליאַ", אַן עמעסע „אָפּעליאַ" וואָרעם די הויפּטזאַך מוזטו וויסן איז די „מימיקע", אָן „מימיקע" טויג גאָר נישט... זעסט זי האָט „מימיקע"...

דאָס מיידל איז רויט געוואָרן און בעשאַס זי האָט לאַזאַרן געגעבן די האַנט האָט זי אַוועקגעקוקט.

לאַזאַרס ווייב האָט געעפנט איין אויג אַ קוק געטון אַף יענער און עס ווידער צוגעמאַכט.

— ער האָט זי דערמאַפּט... טשיזשיק... האָט זי אַ זאָג געטון. בלויז זי איז געווען אַ מיוון אַף יענערס פּרישקייט און שיינקייט.

— וואָס טוט איר דאָ אין „זאַגראַניצע"? האָט זי געפרעגט.

— אַזוי, איך אַרבעט דאָ... האָט פרידאַ געענטפערט.

טשיזשיק האָט זיך אויסגעטון דעם פראַק און זיך טייקעף גענומען צו דער „אַרבעט". ער איז געשטאַנען פאַר אַ קליינעם בלינדן שפּיגל, פאַרשמירט מיט גרינער און רויטער שמינקע און האָט זיך אָנגעמאָסטן פאַרוקן, אַלע מאָל אָנגעטון אַ ווילדן צופּאַטעלטן שויבער אַפן קאָפּ, וואס האָט אים ענליך געמאַכט צו אַן אלטער מאַכשייפע, און אים אויסגעטון אָנגעטון א נייעם, און ווידער אויסגעטון.

דאָס מיידל האָט זיך געבעטן אז זי קען גאָר נישט. זי האָט קיינמאָל נישט, דאָרט, אין דער היים אין די „קרוזשאָקס", מיטגעשפּילט מיט די „דילעטאַנטן"!.. ווען מען האָט אופגעפירט „דני נאשיי זשיזני". זי האָט בעסאַבאָקל פיינט טעאַטר... זי האָט גיכער ליב מוזיק... זי וועט קיינמאָל גאַרנישט קענען...

— נישקאָשע, איר וועט שוין עפּעס קענען... איך וועל אייך שוין עפּעס אויסלערנען... די הויפּטזאַך איז „מימיקע"... האָט טשיזשיק געטאַינעט.

אין יענעם אָפּדערנאַכט, ווען לאַזאַר האָט ווי טאָמיד געשפּילט אין ווינקל אין קינאָ אפן פּיאַנאָ, האָט ער פאַרוואַרפן דעם קאָפּ און זיך דערמאַנט אָן פרידאַן, אָן איר צאַרטן בלאַסן שטערן און פאַרביינקטער ווי טאָמיד האָבן די קלאַנגען היינט אין דער פינצטערניש געוויגט די צאַרטע וואַרימע שאָטנס פון די שיינע האַלבנאַקעטע פרויען אין זייערע מידע, ווייכע, פּראַכטיקע שלאָפצימערן אַף דער לייוונד. און אַז לאַזאַר האָט, זיצנדיק נאָענט, געפּרובט אופהויבן די אויגן און אַ קוק טון אַהין, האָט ער דערזעען אַ פלאַך צומישעניש פון געשטאַלטן טאַנצנדיקע איינס־אַפּס־אַנדערע, נעז ווי פּעסער און עפּעס ריזיקע קיילעכדיקע ווי פאַבריקס־קוימענס.

II.

ווי אַ שטשור וואָס לויפט אַרום, זוכט און נורעט זיך אין די פאַרצווייגטע קאַנאַלן, דאָרט אונטן, אונטער דער ערד פון דער שטאָט, אזוי איז טשיזשיק דאָ אויבן, אין די ווייטע גאַסן פון דער שטאָט קעסיידער אַרומגעלאָפן גענורעט און געזוכט. קליין שוואַרץ מיט אויס=געקרימטע פיסלעך, מיט אַ צעפּלעטשט קליין נעזל, וואָס מען האָט עס נישט ארויסגעזען, איינגעוויקלט אין אַן איינגען גרינעם אויסגעריבענעם פראַק, וואָס דער קאָלנער איז געווען פעט פון דער האַרטער געקרויזטער לאַנגער טשאַפּרינע, וועלכע איז געלעגן אַף אים, איז ער געלאָפן גיך, גיך, און דריבניטשקע, פאַרשוואונדן אין איין עק גאַס און אויסגעוואַקסן מיטן שירעם אונטערן אָרעם, אין האָרן פון דער אַנדערער.

באַטאָג איז ער געווען אַן אַגענט פון פאַלשע ציין, האָט אונטערגעהאַנדלט אַ ביסל מיט אַלטע זייגערלעך, וואָס ער האָט נעשלעפּט, ווי אַ שוואַרצקינצלער פון אַלע קעשענעס. און באַנאַכט האָט ער יאָרן=לאַנג שוין „איינשטודירט" „גאַמלעט", וואָס ער האָט גערעכנט אופצופירן קוידעם=קאָל מיט דילעטאַנטן, קעדיי, צו באַווייזן זיין „גאַמלעט" און דערנאָך וועלן זיך שוין פון זיך אַליין עפענען די טויערן פונם „בורגטעאַטר".

עפּעס ווילד=געפייניקטעס איז געווען אין דער אויסגעוואָרצלטער פרעמדקייט, וואָס רוט נישט, יאָגט זיך קעסיידער, דרייט זיך אָן ווילן, באַל=קאָרכע, געטריבן פון אַן אייביקן שווע=רערן ראַעש, ווי אַ מיל=ראָד אונטער דעם רוישיקן וואַסער=שטראָם, וואָס שטופּט דאָס.

און אַז טשיזשיק איז אַ רעגע געשטאַנען אין טראַמוואַי צווישן הויכע, ווייכע ווייבערישע אונטענס און בריסטן און פונקט אַקעגען האָט ארויסגעשטעקט פון אַ גרויסן קאַ=צאָווישן קאָשיק אַ פריש=פאַרבלוטיקט קעפּל פון אַ געקוילעט קעלבל און דאָס קליינע בלייכע צינגל איז ארויסגעהאַנגען איינגעביסן אין דער זייט צווישן די ציין און האָט אָנגערירט זיין נאָז טויט און קאַלט, דעמאָלט האָט ער געליטן, טשיזשיק. זיין בריטע „שליאַפּע" איז געווען צעקנייטשט און זיין קליין פאַרשרומפּן פּאָנים איז געווען שפּיציק פאַרצויגן אין אַן אָנגעשטריינגט=איינגעהאַלטענער מינע, ווי ביי אַ מענש וואָס קלייבט זיך צו ניסן און ס'קומט נישט. פאַרדאָס אָבער האָט זיין קליינע קיילעכדיקע ליסענע אויפן סאַמע שפּיץ קאָפּ צווישן זיינע געקרויזטע פּאַטלעס, ווי אַ פּאָרצעליין טעלערל איינגעבעט אין שוואַרצע וואָל געשיינט און געלויכטן אין דער האַלבטונקעלקייט מיט אַ באַזונדער צופרידענעם ארומ=טאַנצענדיקן גלאַנץ בעשאַס ער פלעגט זיך אָווענטס שטופּן דאָרט אויבן אַף די גאַלעריעס אונטער די קיילעכדיקע קופּאָלס פון די טעאַטערס און אָפּערעס, וואו די אומפאַרשטענדליכע געשרייען און געזאַנגען, וואָס שרייען זיך איבער איין קאָל דאָס אַנדערע, שאָען לאַנג, פאַרשלינגען זיך אַלע אינאיינעם און שפּינען צעניויף די אָנגעזעצטע קעפּ אין אַ נעץ פון שווערער טעמפּער לאַנגווייליקייט און נודנעקייט ביז כאַלאָשעס, נישט צום אויסהאַלטן. די עמעסע מוזיק אָבער, די שפּראַך פון טרויער און דער בענקעניש וואָס דאָס אויער פונם קינסטלער האָבן פאַרנומען פון דעם לייכטן רוישן און די טריבע מילדע האַרבסט=טעג בעשאַס די בלעטער פאַלן, יענע מוזיק ברומט אַרויס מיד און הייזעריק פון די ברייטע עלעקטרישע שפּיל=אויטאָמאַטן, מיט די גאָלד=געליישטע פייערליכע אָרגעל=פייפערס, דאָרטן אונטן אין עק שטאָט צווישן די שפּיל=בודעס וואו מען קען גליקליך זיין, ווען מען וואַרפט אַראָפּ מיטן צילנדיקן באַל דעם צילענדער פון אַ צעקרימט=לאַבעדיקן הילצערנעם נעגער, וואָס טאַנצט אונטער און פאַרשווינדט, טאַנצט אונטער און פאַרשווינדט.

און דאָרט צווישן די לייט מיט די מידע בליקן, וואָס דרייען זיך אַרום און האָבן טאָמיד צייט אין די וואָכן=טעג, דרייט זיך אויך אַרום דאָס פרעמדע מיידל פרידאַ, הערנ=דיק די מוזיק. איר אָרעמען אָפּגעריסענעם הוט טראָגט, זי אין דער האַנט און אירע

שיינע שוואַרצע האָר בלאָזן זיך אַרום שטערן אין לייכטן ווינד. אַהער קומט זי באַזונדערס זיך אויסצובאַהאַלטן פֿון טשיזשיקן. מאַנכעמאָל גייט זי צו אים אַליין אַרויף אַהיים מיט דעם געהיימען געדאַנק, דאָרט צו טרעפֿן לאַזאַרן. אָבער טאָמיד זיצט לעבן לאַזאַרן אויף דער זאָפֿע זיין ווייבל מאַשאַ און ביידע שווייגן האַרטנעקיג. געוויינליך אָבער וואַרט אויף איר טשיזשיק ביים הויז טויער, וואו זי וואוינט (איר באַלעבאָסטע לאָזט אים נישט אַרויף). ער דערטאַפּט זי, ווען זי קומט אַהיים, און שלעפּט זי צו זיך „פּראָבן” דאָס טעאַטער־שטיק. דעמאָלט זיינען זיי אַליין און טשיזשיק מיטן אויסגעקראָכענעם פֿאַלשן פּאַריק אויף זיינע אייגענע פּאַטלעס, מיט אַ צוגעקלעפּטער פֿאַלשער לאַנגער בלייכער נאָז, טענצלט ער אַרום איר אין אַ ראָד גיך און דריבניטשקע, ווי אַ האָן אַרום אַ הון איידער ער זעצט זיך אויף איר, טאַפּט זי אונטער די פּולע ווייכע אָרעמס און לערנט זי צו מאַכן די ריכטיקע „מימיקע”. אָבער ער מיינט נישט דאָס, וואָרעם בעשאַס מאַיסע ציטערט אין זיינע פֿאַרקוועטשטע, איינגעטריקנטע אייגלעך אַ טונקל־פֿאַרדעכטיק פֿלעמל אויף וועלכן מען וואָלט זיך גאָר נישט געקענט ריכטן ביי אים. נור אָט טוט ער מעכטיק אַ טרעסע זיינע ביידע טשאַפּרינעס, שטרעקט אויס די האַנט און דעקלאַמירט פּאַטעטיש מיט זיין פּאָנפּעוואַטע קוויטשעדיקן קאָלכל:

— ביט אילי ניע ביט...

פֿון די שוואַרץ־פֿאַרפּוילטע ציין אין זיין מויל קומט אַרויס אַ מיעסער שווידערליכער רייעך און דאָס מיידל דערשפּירט פּלוצים די גאַנצע נאָגנדע פּיין פֿון דער איינזאַמקייט וואָס פֿירט צום טויט, זי טוט אַ כאַפּ איר יאַקל און אַנטלויפֿט:

— דאָ סווידאַניאַ.

לאַנג דרייט זי זיך דערנאָך אַרום אין די פֿרעמדע ווייטע גאַסן. אירע שיך זיינען וויים־פֿאַרשטויבט און אַביסעלע אויסגעקרימט און אין די ווינקלען פֿון אירע שיינע אויגן, וואָס האָבן קיין פֿאַרב נישט, שטעקן ראַבמאָנעסדיק שוואַרצע שטיקלעך סאַזשע. אין דעם קערן פֿון דער ציל־לאָזיקייט ליגט די שיינקייט פֿון די טעג. אָנגענעם איז אויף דער בריק צו צוהערן דעם אָרעמען פֿידל־שפּילער מיט די שוואַרצע ברילן, וואָס אויף זיין ברוסט הייגנט אַ שילדל: „בלינד”. דער צעבראָכענער סמיטשיק ציט זיך און די טענער קלאָגן זיך אויף די גליקן, וואָס האָבן צוגעזאָגט און זיינען נישט געקומען און אויף די אומגליקן, וואָס זיינען געקומען פּלוצים אומגעריכטערהייט, אָבער פּונקט דעמאָלט, ווען ער דאַרף צוקומען צו יענע טענער, וואָס מען האָט באַזונדערס ליב, טוט ער אַ כאַפּ דעם סמיטשיק אונטער געמבע און מיט דער פֿרייער האַנט באַהאַלט ער די נעדאָוועס אין קעשענע און אַלע מאָל געשיט דאָס זעלבע.

מיד ווערנדיק, זעצט זיך דאָס מיידל אויף אַ באַנק אין איינעם פֿון די קליינע גאַסן־פּאַרקן, וואו די פֿאַרשטויבטע בלומען אויסגעצירט אין אַ גרויסן שטערן, בליען דאָ פֿריער און וויאַנען פֿריער, ווי אומעטום. די מאַנסבילן, וואָס לויפֿן פֿאַרביי קוקן איר גלייך אין די אויגן, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן עפּעס דערמאָנען, און אַנטלויפֿן ווייטער. מאַנכעמאָל קערט זיך איינער אום, דרייט זיך מיט מעווינעס פֿאַרביי עטליכע מאָל אַ הין און צוריק און דאָס לעצטע מאָל גייט ער אַוועק און קערט זיך שוין נישט אום מער, און ווידער גייט זי שפּיגלענדיק זיך און די פֿרעכטיקע בויכיקע שויפֿענצטער וואו די צעלייגטע ווייסע פֿוטערס באַהאַלטן אין זיך שוין די צאַרטע וואַרימקייט פֿון די ווייסע העלזער, די דורכזיכטיקע פֿיינע זיידענע זאָקן אָנגעטון אויף אַ פֿוס־מוסטער ווייזט שוין די שיינקייט פֿון די עמעסע פֿרויען־פֿיס, וואָס וועלן זיי טראָגן. אָבער אין אַזעלכע פֿענצטער קוקט נאָך עמיץ אַנדערש, וואָרום אינעווייניק אין שפּיגל האָט זי זיך געטראָפֿן מיט לאַזאַרס בליק:

— איך האָב אַייך שוין לאַנג נישט געזעען.

האָט לאַזאַר געזאָגט און געשמייכלט איר גלייך אין די אויגן מיט אַ באַשטימטער קאַוואָנע.

זי איז רויט געוואָרן און געזאָגט:

— איך קום נישט אין ערגיץ.

דאָס ערשטע מאָל, אַז זי באַגעגנט אים איינעם אַליין און דאָס איז שוין גענוג געווען, אַז זי זאָל מערוצע ווערן. זיי זיינען געגאַנגען און נישט גערעדט. און אין דעם דאָזיקן שווייגן איז געווען דער פּראָטעסט אַקעגן די אַלע זיסע, הייסע ליבעס-רייד, וואָס זיינען גערעדט געוואָרן שוין זייער לאַנג, דעמאָלט אין די בלאָע אָוונטן אין דער ווייטער היים, ווען די שטערן האָבן זיך געצונדן און דער בוים האָט געשמעקט.

אין אַ רעגע אַרום האָט זי געעפנט די טיר און אַ טאַפּ געטון פון אינעווייניג צי ס'שטעקט ריכטיק דער שליסל אין שלאָס:

— איך האָב שרעקליכע ציין-ווייטיק, האָט זי זיך ברומענדיק פאַרענטפערט, ס'רייסט מיר אָפּ דאָס פּאָנים...

לאַזאַר האָט גיך פאַרשלאָסן די טיר. און אינאיינעם מיט דער אָפּגעשלאָסנקייט פונם דרויסן האָט זיך אויך טייקעף אָפּגעטון די פרייד פון דעם דערגרייכטן גליק. פרידאַ איז געשטאַנען אין מיטן צימער, אפּהענטיק, און איר אונטערשטע ליפּ, וואָס איז געווען אַביסל דיק, האָט געציטערט. לאַזאַר האָט איר געהאָלפן זיך אויסטון. און אין זיינע צערטליכקייטן האָט זיך אַרויסגעהערט אַ פאַרהוילענע פאַלשקייט, ווי דער קלאַנג פון אַ פאַלשער מאַטבייע. ער האָט זיך נישט געאיילט אין דער זיכערקייט פון דעם קומענדיקן ניצאָכן האָט ער זיך נאַבלעסיק, ווי אַ קאַץ, וואָס שפּילט זיך מיט אַ מויז גערעאַנגעלט מיט איהר ווייסן, פרישן זאפטיקן לייב, אָבער פונקט אין דער היציקער רעגע האָט זי פלוצים געטון אַ שפּרונג אַרויס פון'ם בעט און זיך גענומען גיך אָנטון:

— קוקט נישט, ראַדי באָגאַ, קוקט נישט.. האָט זי זיך געבעטן.

לאַזאַר איז געבליבן זיצן אָפּגענאַרט.

דורך דער וואַנט האָט מען געהערט פון אַן אַנדער צימער הויך מיט ראַעש מאַשטן זיין און טייקעף דערנאָך אַ דינעם פּרויען-קאָל:

— וואָס? זי זינד יודע?..

דאָס מיידל האָט געטון דעם לעצטן קוק אין שפּיגל, געכאַפּט דאָס יאַקל און איז אַרויס... אין דרויסן האָט געגאָסן אַ רעגן. די דיקע טראָפּנס האָבן מיט ראַעש אונטערגעטאַנצט אַפן נאַסן גלאַנציקן פלאַסטער, זיך געבלעזעלט און צושפּרונגען: די וואַסערלעך האָבן זיך פון אַלע זייטן גיך צונויפגעגאָסן אין רינשטאָק און זיינען געלאָפן שמוציקע מיט שטיקלעך פּאַפּיר. די גאַס איז געווען ליידיק, נור אין מיטן וועג איז געגאַנגען אַ מענש פאַמעליכן גלייכגילטיק, דעם קאָלנער פון'ם דינעם קורצן רעקל אופגעשטעלט די הענט אין די קעשענעס און דער רעגן האָט אים געוואַשן און געוואַשן.

דאָס מיידל איז געגאַנגען אין רעגן און ס'איז איר גיט געווען צו וויסן, אַז זי מוז איצט נישט אַהיים גיין, נאָר זי קען אַרופגיין צו אַ באַקאַנטן, צו טשיזשיקן: גאָט זאָל נור העלפן, אַז ער זאָל זיין אין דערהיים.

טשיזשיק איז געווען אין דער היים. ווי טאָמיד האָט ער געפּרובט מיט איר, אַרומגעטענצלט און דעקלאַמירט אַף אַ קאָל מיט אַ געשריי, בעשאַס מייסע זי געטאַפּט אין די ווייכע טיילן, און אַזוי ווי זי האָט אים היינט אַלץ געלאָזט טון, האָט ער זי אין מיטן

דערינען צוגעשלעפּט צום זאָפּע. דעם קאָפּ פאַרוואָרפן צו דער סטעליע, האָט זי אים גאָר־
נישט נישט געוועלט, זיך אײנגאַנצן אים אָפּגעגעבן.

אַז זײ זײנען שפּעטער אַבּיסל אַראָפּ אין גאַס איז שוין געווען טונקל. אַרום די גרינלעכע לאַמטערן־פלעמלעך, וואָס זײנען געווען אין דער לײנג ווי אופגעציליעט אַף אַ שנור, האָבן זיך געצויגן דינע בלאָ־גאָלדענע שטראַלן־פעדים פון דעם שטילן אופהערנדיקן רעגן, וואָס האָט זיך נור דאָ נאָך פאַר די לאַמטערנס געזען. טשיזשיק האָט זיך שטאַרק געאײלט. ער האָט געהאַט אַ קאַרט אין טעאַטער אַרײן און האָט מוירע געהאַט צו פאַרשפּעטיקן.

— כ'האָב ערגיץ פאַרגעסן מײן שירם... וואָס טוט מען... כ'הײב נישט אָן צו וויסן וואו...

האָט ער געזאָגט מיט פאַרצווייפלונג.

נור אָט האָט זיך באַוויזן דער אויטאָבאַס, שווער, גרויס, אומגעלומפּערט, ווי אַ העלפאַנט, האָט ער זיך געקאַטשעט און געברומט.

— דאָ סווידאַניאַ.

האָט טשיזשיק אַ געשרײ געטון דעם מײדל, און מיט אַלע קוײכעס גענומען נאָכיאָגן דעם וואָגן, געכאַפּט אים, אַרופגעקראָכן מיט די טרעפּלעך גאַנץ אויבן און אַוועקגעפאָרן.

## III.

— נישט מוירע האָבן... נור נישט מוירע האָבן... ס'וועט נישט ווײ טון... האָט גע־
רעדט די „הײבאַם” מיט די פעטע בלויזע הענט, וואָס פרידאַ האָט זי אויסגעפונען פון די פאַרשטעלטע אַנאָנסן אין „טאַגעבלאַט”, אָבער דאָס מײדל האָט געציטערט און זיך גע־
שראָקן פאַר דעם גרויסן פאַרפוצטן קאָפּ פון דער פרוי מיט די אָנגעשטעקטע בלישטשנדיקע קעמלעך אין אים, פאַר דעם באַהאַלטענעם און הײמלעכן צימער, וואָס די פענסטער זײנען געווען געדיכט פאַרהאַנגען, פאַר דער גרויסער ווײסער שיסל, פאַר דעם שפּיציקן אָפּגעניצטן אינסטרומענט... זי האָט אַלע מאָל אָנגעכאַפּט די הײבאַם בײַ דער האַנט און נישט געלאָזט. יענע איז אַרויס פון געדולד, און אַוועק־גײענדיק דאָס ווײסע שטיק כאַזער, וואָס זי האָט געגעסן מיט אײן האַנט, בעשאַס זי האָט זיך מיט דער אַנדערער געבויערט אין מײדלס גוף, האָט זי זיך צעשריען מיט קאַעס:

— נישטאָ וואָס זיך צו שרעקן, צום שוואַרצן יאָר... צו־ערשט גײען זײ זיך „הורן” און דערנאָך שרעקן זײ זיך „דאַפּאַר”... וואָס מיר קענען פאַר אַזאַ זאַך באַקומען זעקס כאַ־
דאָשים קערקער. שטרעקט אויס די פיס!...

דאָס מײדל האָט זיך דערפילט שולדיק אָן יענערס „זעקס כאַדאָשים” און ווײליק מיט פאַרביסענע צײן, דעם קאָפּ פאַרוואָרפן צו דער סטעליע, האָט זי זיך אָפּגעגעבן אַלע יעסורים־
מאַטערנישן, אָן אַ קרעכץ. און יעדן אָוונט פלעגט זי זיך שלעפּן גלײכגילטיק, אָפּגע־
שוואַכט, קראַנק, מיט די לעצטע קוײכעס אַהין צו דעם פרעמדן ווײטן געסל, צו דער „הײבאַם”. די קורצע ווינטער־טעג האָבן זיך געגראָט און געטונקלט און די צונויפגעשאַרטע קופּעס שנײ בײַם זײט פונ'ם וועג זײנען געווען צענויפגעוואַקסן, האַרט־אײנגעפראָרן, מיט שוואַרצע קעפּ, און ס'איז געווען שווער צו גלויבן, אַז זײ וועלן אַמאָל אַנטקומען פון דאַנען.

עס איז געווען דער טרויער, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פונ'ם מײדלס אויגן, וואָס זײנען איצט געווען האַרט, קאַלט. ווײסלעך־גראָ און טויט, אײנלעך צו צינערנע קנעפּלעך. דערנאָך איז זי מער שוין נישט געגאַנגען און געבליבן ליגן אין דער הײם, אין בעט. וואָרום פּלוצים איז עס געקומען. ווי אַ שטראָם האָט זיך עס געגאָסן פון איר, דאָס בלוט, און ס'איז נישט מעגלעך געווען צו פאַרשטײן, ווי אַזוי אַ מענטש האָט אין זיך אַזוי פיל. באַלד האָט עס

אופֿגעהערט און זיך ווידער אַ גאָס געטון, גערונען פון אַלע זייטן, געוואַרעמט אַ רעגע פון אונטן און געגליווערט דאַן אין האַרטע שוואַרצע קלומפּנס, וואָס האָבן געפֿראָרן דאָס לייב מיט אַן אַנדערער פֿרעמדער קעלט, אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט און ווידער אַ גאַנצן טאָג. אין דער בלייכקייט פֿונם ערשטן שרעק, וואָס האָט זיך געטרעסעט, ווי אַ זיפּ פון אַ דרעש־מאַשין, איז געשטאַנען אין דער ברייט, ווי אַ פּאַרטשעפּעטער שפּיציקער דראָט, איין איינציקער פאַרלאַנג: קיינער זאָל נישט אַריינקומען .. אַך גאָט... קיינער זאָל נישט אופמאַכן די טיר... זי וועט שוין דערנאָך אַליין אַלצדינג צורעכט מאַכן, אָפּוואַשן.. דערנאָך... דערביי האָט זי אויסגעשטרעקט די האַנט צום שפּיגעלע אַפּן קעסטל און זיך אָנגע־שפּיגלט די בלאַסקייט פונם פּאָנים, וואָס האָט געשיינט אין דער האַלבטונקלקייט, ווי ווייס פּאַפּיר.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און קיינער האָט נישט געעפֿנט די טיר, קיינער איז נישט געקומען. אַפּן אָפּגרונד פונ׳ם פּאַבעד, וואָס באַרואיקט, האָבן זיך ווייט גענעפּלט אָפּגעהאַקטע זעענישן: שווימענדיקע בוימער, אַ באַן, די באָבע מיט אַ באָרד, פאַרצערטע נישט צום אָנכאַפּן, ווי נאָענט פּאַרן אַנשלאָפּן ווערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— זעט איר, אַבי מען זאָגט, אַז ס׳איז בעסער צו פֿאַרדינגען פאַר „פריילינס״, ווי פאַר „הערן״! אָט האָט איר! באַ אַ „הער״ וואָלט אַזאַ זאַך נישט געקענט פּאַסירן... זעט נור וואָס דאָ טוט זיך... זעט נור אַ בעט.. יעזוס, מאַריאַ, יאָזעף... אַזוי האָט אַף מאָרגן גערעדט פרידאַס באַלעבאָסטע, באָרוועס מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ, בעשאַס זי איז אַריין אין צימער מיט אַ שאָכנטע די שאָכנטע מיט אַ קליין קינד אַף די הענט, וואָס האָט גע־זויגן אַ גומענע ציצל אין מויל, האָט וואויל־כיינעוודיג מיט צוויי פֿינגער פאַרמאַכט דער טויטער די אויגן און געעפֿנט דאָס פענסטער:

— מען דאַרף טעלעפֿאָנירן נאָך דער „רעטונגס געזעלשאַפֿט״, — האָט זי געזאָגט.

ווי אַלע מאָל איז לאַזאַר מיט זיין ווייבל געזעסן באַ טשיזשיקן אַפּן זאָפֿע און ביידע האָבן געשוויגן.

— גדיינקסט, לאַזאַר, דאָס שיינע מיידל, וואָס פלעגט עסן אין דער „איינהייט״, די פֿרידאַ. זי האָט זיך „אָפּגעטריבן״ און איז געשטאָרבן פון בלוטגוס.. — האָט פלוצים לאַזאַרס ווייב אַ זאָג געטאָן. לאַזאַר האָט געשוויגן. און טשיזשיק, וועלכער איז נאָך נישט געווען פּאַרטיק מיטן „גרים״, האָט זיך געטאָן גיך אַ קלעפּ צו די פּאַלשע נאָז, אויסגעשטרעקט די האַנט און דעקלאַמירט מיט שמערצליכן געפֿיל:

— ביט אילי ניע ביט...





א. קושניראָוו.

## אַזקאָרע.

שטאַרב, שטאַרב, מיין געשריי, וועסט בעמיילע
אין הימלען נישט ווערן דערהערט.
נאַכט האָט פאַרמאָסטן דעם מוילער,
ווי אַ מעסער אפן האַלז פון דער ערד.

באַלד וועט שטילקייט זיך אָנהויבן וואָרגן
מיט הינטישן צערייצטן ביל,
אָבער נאַכט וועט נישט אופהערן האַרגענען,
אָבער קיינער וועט נישט קומען צו הילף.

איז פאַר וועמען איצט פאַלט מען,
בעטן ראַכמים פאַר זיך און פאַר אייך,
ווען דערשראָקענע שטערן באַהאַלטן זיך
אין די שטאָלענע קנייטשן פון טייך.

ווינטן — ראָצבים, ראנגלט זיך, ראַנגלט
מיט געטרייען ריגל אַף טויער
און איך וועל אַף שנירל פון קלאַנגען
אופהייגען איצטער מיין אויער.

איך וויים, קיין וואָרט און קיין נאָמען
וועל איך מער שוין נישט הערן אַצינדער,
אַ קאָל נאָר הערט זיך אין ראָמאָ,
ראָכל וויינט אַף אירע קינדער.

אָ, וויפיל אָפּגאַנגען מידע
זיינען פון ווייטאָג צעגליט
אַף וועגן, וואָס פּאָקן שוין ווידער
מיט שפּורן פון אייערע טריט.

כ׳וועל נישט אופהייגען מיין הארפע אַף בוימער —
פאַר אַלע ווינטן איר שפּיל.
איך פאַרמאָג שוין אַפילע אין טרוים נישט
קיין לאַנד פון האָניק און מילך.

אין נעשאָמע אַ מייזעלע שקראַבעט —
צי טאַטנס, צי זיידנס אַ ניגן,
נאָר די טיר פון מיין אייגענעם שאָבעס
האָט וואָך מיט אַ שטערן פאַרריגלט.

צעמאָלט מיך, צעמאָלט, ווי אַ קערנדל,
מילשטיינער פון אַלע צייטן,
איבּ דורך דעם וועט ווערן נאָר
דער מאָרגנשטערן, ווי אן עפּל צייטיק.

נאָר אין וועמענס טונקעלע פענסטער
וועט באַגינען אָנצינדן פייער,
ווען נאַכט וועט ביז פלויטן ביז לעצטע
באַגלייטן מיין שווערע לעוואַיע.

העלער מאָרגן, מאָרגן צעוויקלטער,
וואָס פון קאַלטער ווייט דאָרט פינקלט
דיין באַפייבטער און צאַרטער בליק
איז מיר קאַרג, איז מיר קאַרג אין מיין זינקען.

איך וויל נישט, ווי בייביקער וואָלקן,
אַף שפּיז פון לעוואָנעס הערנער
פאַר אופשיין פון דיינע גאָלדן,
פאַר זילבער פון טויען — טרערן.





— דאָוויד האָפשטײנען —

װער װעט אונז דערצײלן, װער װעט אונז באַװאוסטיקן
פֿון געשעענעם און פֿון געװעזענעם...
הוי, ראָסייאַ, קײטיקע און מיסטיקע...
ס׳האָבן ניט פאַרשאַרט דיך װעלטס פאַרשטױבטע בעזעמער...

ניט פאַרשאַרט דיך, נאָר די האַרטע ריטעלעך
אױסגעריבן און צװזײט אף דיר בײז=װילנדיק.
הוי, געדיכט צעזײט און אופגעגאַנגען שיטערלעך–
נישט דיך בײגעקומען, נישט פֿאַרטיליקט דיך.

מעג זיך װעלט נאָך אַקשענען, מעג זיך װעלט נישט רעכענען
ניט מיט דײַנע עמעסן, ניט מיט דײַנע לײדן –
רױיִק, אָבער ליכטיק ברענען פעסער פעכענע,
װאָס דו האָסט אַנגעצונדן אף דײַן גרױסן שײד=װעג.

ניט דער גיבער שימשן אין זײַן לעצטן ראַנגל
טרײסלט אוף די זײלן פון זײַן פײַנדס פעסטונג,
דאָס האָסטו, מײַן לאַנד, די װעלט באַראַשט מיט קלאַנגען,
װעלכע שטײַגן הײַנט פון דײַנע גלאָקן=נעסטן.

אונטער הױכע הימלען, איבער װעלטנס ענדן
נישט קײן כמאַרעס רינגלען, נישט קײן װינטן רעדערן,
הוי, דאָס פליִען אוף און װיבערן אַף לענדער
פון דײַן שװאַרצן אָדלער אױסגעפליקטע פעדערן.

און פון פײַער–בליצן שנעלער נאָך און פלוצלונגער,
ליכטיקער און פאַרביקער פֿון מענטשישע באַגערן,
האָט אַף ערדן אופגעשײַנט דײַן פֿינפשפּיציקער,
דײַן ניצאָכנדיקער פײַערדיקער שטערן.



## ווענט.

מיר,
הויכע, האַרטע, פֿעסטע ווענט,
פֿאַראורטיילטע הערן און שטומען.
טויזנטער, טויזנטער יאָרן מיר זיינען געהאָרכזאַם געווען:
געהערט און באַנומען!
און שווייגנדיק אין זיך דעם מורמל פון דוירעס געשטיקט..
נאָר מער וועלן מיר שוין נישט שווייגן...
מיר הערן:
אַ שטייגן,
אַ גרייפֿן,
און אָפּקלאַנג
פון שווערע, פון שטייפֿע, פון אייזערנע טריט.
ס׳גייט אַ גרויסער, אַ מעכטיקער, —
אַלץ, וואָס ערשט נעכטן
געהערשט האָט, ווי פֿעלז, ווי גראַניט,
פאלט פֿאַר אים, קניט
מיט ציטער און גרויל...
— גיט אונז אַ מויל!
באַקלעפּט און באַהיינגט אונז מיט מיינגעם אַפישן, פלאַקאַטן און בלעטער,—
מיט זיי אומעטום,
ווי מיט ריזיקע גאָרגל, וועלן מיר שרייען:
מיר הערן —
פֿעסטע, שווערע זיגערישע טריט...

## שטאָט.

שטאָט!
אין בייזן טאָג און דיינעם,
אין שווערן בראָך, וואָס האָט מיט דיר געטראָפֿן,
נאָר איינער
בין איך דיר טריי פאַרבליבן
און וועל דיין צאַר באַדויערן;
כ׳וועל איינזאפּן אין שטריינגע שורעס
דעם שווערן אומעט,
וואָס שוועבט אַף דיינע מויערן ...
שטאָט!
ווי שטאַל,
איז פעסט געווען דיין הערשאַפֿט
אַף געגנטן און ווייטן
און וואו איז איצט די מאַכט און קראַפֿט?..
פֿון הימל,

וואוהין דו האָסט גערייטלט
מיט שטאָלצע שפּיצן
פון דיינע טעמפּלען,
האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אַף דיר
שווערע נעפּלען
בלייערנע...
און אָפּגעטאָן האָט זיך פון דיר דיין שיין,
און אויסגעלאָשן זיינען דיינע פייערן...

ס'טריפט נישט מער ווי לויטער בלוט קיין ליכט דורך קופּער פון דיינע אָדערן,
נעכט,
וועלכע פלעגסט באַגעגענען מיט שיין באוואפנט,
איצט רינגלען אום אף דיר, ווי שוואַרצע קראָען,
און שמידן אַלע דיינע בלינדע גלידער
אַף לאַנגע, לאַנגע שאָען...
און קענן גרויסע מאָרגנס
דערוואַכט נישט מער מיט שטאָלץ
דיין הערשנדיקער רוף,
אַף וועלכן
שטומע דערפֿער פֿלעגן אונטערטעניק
אַרויסשיקן צו דיר אַף נויט און אַרבעט
געזונטסטע זין און טעכטער,
אַלע האָבן, שטאָט, דיר ווידערשפּעניקט.
די פעטע זאַטע ערד
האָט אויך פֿאַר דיר פֿאַרמאכט איר פֿולן שויס
און האָט אין דיר פאַרגעסן.
און דו האָסט אויסגעשפּרייט, ווי בעטלערישע הענט, די פּוסטע וועגן דיינע
צו פעלדער!
מיט איין געבעט נאָר: עסן!
און וויטן הערן דיינע ניכנעדיקע רופן
און שאָקלען נאָר מיט קאָפּ אַף דיין בייז=וואונדער:
טיר און מויער דיינע רייסט מיט דארער האַנט דער הונגער
און נאָך אַביסל מילך לעכצן דיינע קליינע קינדער...

שטאָט!
נעפּלען שווערע האָבן נישט פאַרהעלט פאַר מיר דיין קומענדיקע פּראַכט
אין בייזן טאָג אין דיינעם,
נאָר איינער
בין איך דיר טריי פאַרבליבן
און וועל דיין צאַר באַדויערן...
אין שורעם שטריינגע וועל איך איינזאפּן דעם שווערן אומעט,
וואָס שוועבט אַף דיינע מויערן...

## ע ק ר אַ ן

הערט אויס!
דאָס רעדט מיט אייך: איך – עקראַן!
טאשמעס פון סאַמעט און ראַמען נעגילדטע האָבן לאַנג מיך געהאַלטן געפאַנגען.
באַצירטע מעכיצעס – ווענט און צאַמען האָבן אונז שטענדיק געזונדערט,
און רוף מיינעם העלן האָט מען פאַרביטן מיט קרומע געשרייען פון שילדן...
היינט האָב איך צו ווענט זיך געווענדעט:
– צעגייט זיך!
אויס דעכער, אויס דילן!
באַפרייט מיר די רוימען...
אַהער...
אַלע קעפּ, וואָס צעזאַמען דאָ שאַפֿן, די יאַמען פֿון קעפּ...
פֿאַר אייך בין אַנטשטאַנען, פאַר אייך בין געבאָרן...
ברייטער די סטויפּעס אַף מיטן פֿון פלעצער!
איבער שלונגען פון שלענגישע גאַסן שטעלט אוף מיין בעלעמער.
מיין זוים וועט זיין הימל...
מיין רום דער פֿילטויזנטער בליק פון האַמוין...





## מיילעך ּכמעלניצקי.

### קיבאָנגע–גורו.

– א לעגענדע –

אַפריקע, ווילדע, וואונדערלעכע וועלט!
נעם מיך אויף אַן איינזאַמען און מידן,
קיל מיך אָפּ מיט שאָטנס פונם אורוואַלד,
וויג מיך, ווי אַ נייגעבאָרן קינד!
כ'וויל פאַרגעסן אַלע מיינע יאָרן,
אַלע גלייכע וועגן, אַלע קרומע גיינג,
אַלע דושנע, רווישנדיקע שטעט,
אַלע ווייסע פענימער פון וואַקס.

האָב איך מיר אַ שוואַרצע פרוי גענומען
פונ'ם שטאַרקן שטאָלצן שטאַם וואַהומאַ.
רוישט דער אורוואַלד אין איר יונגער בלוט
און דער רעוו פון הונגעריקע לייבן,
שטומט אין איר באַגער. און פאַרגעסן האָב איך
אַלע ווייסע פרויען מיט פענימער פון וואַקס
און מיט קאַלאַמוטנע וואַסער אין די אָדערן.
האָט מיין פרוי געבאָרן מיר אַ טאָכטער
און אַ נאָמען איר געגעבן: קיבאָנגע-גורו.
אין דער שפּראַך פון שטאַם וואַהומאַ הייסט עס:
זאַמען פונ'ם ווייסן מאַן.

וואַקסט מיין טאָכטער וואונדערלעך און ווילד,
מיט אַ טונקל-ברוינער הויט, ווי נוסהאָלץ,
און מיט בלאָע אויגן צווישן שוואַרצע וויעס.
און מיט בויגיק-שלאַנקע גלידער פון אַ סערנע.
שמייכלט מילד און גייט מיט שטילע שריט.

גייט זי ווען פרימאָרגן אינם וואַלד,
טרעטן רויטע מערעשקעס איר אָפּ פון וועג
און די ווילדע כאיעס טוען איר קיין שלעכטס.
מאַלפּעס קריכן אַף באַנאַנען-בוימער הויך,
וואַרפן איר אַראָפּ די צייטיקסטע באַנאַנען.
פּאַרביקע פּאַפּוגאַעס ווילן זי באַלייטן,
שפּרינגען אַף די צווייגן ביז צום ברעג פון וואַלד
אָדער זעצן זיך אַף אירע אַקסלען.

גייט זי ווען באַם ברעג פון ברייטן, שטילן שטראָם,
שטעלן זיך די פישלעך אין אַ שורע אויס,
מיט די פּיסקלעך אויסגעדרייט צום ברעג,

דאָרשטיקע זשיראַפעס הערן אוף צו טרינקען,
שטרעקן צו איר אוים די לאַנגע העלזער
און גאזעלן קומען לעקן איר די הענט.
ריזיקע העלפאַנטן און מאַסיווע שטראָם־פערד
שטעלן אוים זיך אין דער ברייט פון שטראָם
און זי גייט צום צווייטן ברעג אַריבער
איבער ברייטע רוקנס, גלייך, ווי אַף אַ בריק.

און פון ווייטע לענדער קומען גאַנצע שטאַמען,
ברייִנגען פאַר איר זעלטענע מאַטאָנעס:
פייערס פונ׳ם ברויטבוים, זיסע וואָרצלען,
קוואַס פון גערשטן און באַנאַנען־מעל,
קרעלן גלעזערנע און רויטן שטאָף,
מענער פונ׳ם שטאָלצן שטאַם וואַהומאַ
קושן יעדן סלעד פון אירע טריט,
לייגן איר צו פוסן זייערע קליי־זאַיען,
שפיזן, בויגנס און פאַרסאַמטע פיילן,
פאַלן אַף די קניעס, בעטנדיק אַזוי:
קיבאָנגע־גורו, מוטער פון אַ נייעם שטאַם,
וואָס וועט געוועלטיקן דורך לאַנגע דוירעס
איבער אַלע לענדער וויט און ברייט,
קיבאָנגע־גורו, טו אונז נישט קיין שלעכטס!

איז מיין טאָכטער אופגעוואַקסן ווילד,
אַ נייער וואונדער אינ׳ם וואונדערלאַנד.
פיל איך, אַז דער שניי פון ווייסע האָר
האָט שוין אָפגעקילט מיין קאָפּ אינגאַנצן,
אַז מיין בלוט רינט שווער, ווי אַ מידער שטראָם,
מיד פון לאַנגן לויפן און פון שווערע שיפן,
רוף איך צו מיין טאָכטער צו מיין לעצטער שאָ:
קיבאָנגע־גורו, מוטער פון אַ נייעם שטאַם,
שיינע, וואונדערלעכע טאָכטער מיינע, —
כ׳בין שוין מיד פון גליק, זאַט פון טעג און נעכט,
ס׳ציט די ערד מיך, ווי אַ צייטיק־שווערע פרוכט,
קיבאָנגע־גורו, טראָג מיין ביינקשאַפט ווייטער.
טאָכטער מיינע, מאַך מיר די אויגן צו.



מ. אַנין.

## שאָליאַך־ציבור.

– מיר־זיי –

— יאַם האָט געוויישט. אין וועלטנאָר – רעגע, פאַר דיר – אייביקייט. יאַם האָט דערציילט וועגן דיר, שפּריץ־טראָפּנדל.

כוואַליעס האָבן זיך געקייטלט איינע אין אַנדערער. יעדע כוואַליע – לעבן פאַר זיך. וועלטן קליינע שטאַרבן אָפּ. צו יאַבאָשע איז דערגאַנגען, וואָס יאַם, גאַנצער, גרויסער האָט דערציילט–וועגן דיר, וועגן זיי.–

דו ביסט רעגע, זיי – דיורעס־קייט פון אייביקייט – נעכטיקע, היינטיקע, מאָרגנדיקע. און טייהו־וואָווייהו פאַרלירט זיך אָנהויב. ענד טראָגט וועלטסאָף מיט זיך.

מיר־זיי פירן דיך, און שטרייט פאַרן אייביקן אַרוף.

ס׳רייסט צו זיך דיך, פיצעלע רעגע – אייביקייט־גאָרהייט.

---

הער זיך איין: פון טויזנטער יאָרן קלינגט צו דיר, וועקט און טרייבט דיך דונער־קאָל:

– שטיי אוף און גיי! –

אַלע הערן מעבטיקן ווערקרוף. דיך אָבער האָט ער אַלס קאָרבן געטראָפן.

עמיצער צינדט אָן דיין צונג – ניט ווערטער, נאָר פלאַמען דיין שפּראַך. רייסט דיין שמאַטע־האַרץ אַרויס און דו אָטעמסט שווערדן־שפּיזן.

– אין פייער און אייזן זאָל אופגיין וועלט!

עמיצער רייסט דיינע אויגן – ביסט בלינד פאַרן וואָר, זעסט נאָר – כאָלעם. פאַרטויבט דיין אויער – שטום פאַר דיר היינט־אַרום. און אין שטילקייט מוירעדיק קלינגט באַפעל נאָר:

– שטיי אוף און גיי!

ביסט שאָליאַך פון מאָשיאַך. און דו וואַנדערסט ווי שאָטן דורך וועלטן וויט־ווייטע. לעבסט אין כאָלעם פרעמדן. ווען עם פיילט געמייזעבץ־לעבן – ביסט ווי אַלע. קיינער זעט דיך, קיינער הערט דיך. נאָר אָט שלאָגט שוין שאָ פון צאָרן: דונער טרעפט־האַרגעט שלאָף. דאַמאָלסט זעען דיך אַלע, די בלינדע. דאַמאָלסט הערן דיך אַלע, דעם שטומען. דאַמאָלסט ראַאַשט־שטורמט יאַם: -- שטייט אוף און קומט!

פון גרונט!

– ק י נ ד –

ביסט אַמאָל קליין אינגעלע געווען. דריי יאָר אַלט. פיסעלעך באָרועסע, קיילעכדיק פלינקינקע טראָגן דיך וויט איבער פעלדער גרינע, אונטער הימלען בלאָע, צו זון אַרוף. צו זון, מוטער־וואַרעם לאַכנדיקער, גיבער־שטאַרק דערהויבנדיקער. טייכל מורמלט ווי פון כאָלעם. נעבן טייכל וואַקסן גרעזער, בלומען־גרעזער, לאַנגע, דינע. אַף צאַרטע גרעזער ציטערן קעפּעלעך הונדערטער, רונדינקע. זונען־שטראַלן שפּיגלען זיך, שפּילן זיך אין גרע־זעלעך שלאַנקע. וועלדעלע טאַנצנדיק פון זונעלעך פינקלדיק אין הענטעלע קליין.

-- זון, זון, רויטע זון! ניט באַהאַלט זיך הינטער בערגל, ניט פאַרלאָז מיין הימל בלאָען!..

פלוצלונג פינצטער. עמיצ׳ס האַנד, צוואַנגען אייזיק, פרעסט צענויף הערצעלע. ערגעץ פון טיפסטער טיף קריכט אין האַרצן דיר אַריין אומרו באַנג, איימע־ציטער.

וואָס מאַטערט דיך, יונג הערצעלע? וואָס ענגבערט דיך, פּריש מויאַכל?

ראַווינעס ניט געבאָרענע, כאַלוימעס ניט געזעענע באַנעמען און פאַרקרייזן דיך. פאַר־נעפּלען גאָר גרין קינדהייט־וועלט. ביינקשאַפּט־צאַאַר נאָגט און טרייבט:

— זונען־וועלט פאַרלאָז. נייע וועלטן זוך. וועלטן ניט געוועזענע, פון דוירעס־כאָלעם שטראַלנדע. לייכטן זאָל דיר מענטשן־ליכט.

איבער זונען, איבער ערדן מענטשלעך־געטלעך דוירעס־ראָד דרייט זיך אייביק. טראָגט דיך העכער. יאָגט דיך גיכער!

קום, וויכער!

— י ו ג נ ט —

ווייטקייטן בלאָע אָנסויפיקע באַקרוינען דיין זוניקע יוגנט. וועלטן, וועלטן — אַלטע, נייע, העלדן, העלדן — אייביק יונגע, אַלע לעבן אוף אין דיר. — אַלץ, וואָס לאַנג, וואָס לאַנג געוועזן, אַלץ, וואָס גאַרט נאָך נייעם קומען, פילט דיך אָן מיט ווייט־פרעמד שפּירן, שפּאַנט, ווי סטרונע, אָן דיין ווילן. ביכער טויטע מאָנען לעבנס. אין לעגענדעס שטראָמט יונג בלוט. אומעטום געוואָרן ערגעץ. אייביקייט פאַרשלינגט אַמאָל. טייקעף זאָלסטו קומען, מאָרגן!

שאָטנס, שאָטנס פול דיין גייסט. פעלקער סאַמומיקע, לענדער אָן גרענעצן, מאַיסים קישעפדיק, צייטן אָן מאָס. אַלץ זאַפּסט אַריין אין זיך, הייסעריק — הונגעריק. פול אימפּעט, היספּאַילעס זידנדיק. — שאָטנס קלייבן זיך. מאַכנעס אָן צאָל, אומרו־כמאַרעס וויגן־טראָגן שטומע קרעכצן אף פליגלען שווערע. אָוונט־אומעט קלייבט שאָטנס:

— נאַכט קומט!

שטיל, פול צויבער יוגנט־נאַכט. ווי באַגינען צאַרט דיין שלאָף. און אַרום דיר און אין דיר — אייביק וואַכנדיקע וואַכקייט. דוירעס־שאָטנס, העלדן־רוכעס פלעכטן וואַכנדיק דיין גוירל. קלאַנגען ווייטע, שטימען נאָנטע. וואָר צי כאָלעם?

וואַכקייט וועבט דיין לעבן־שלאָף. רואַך־העלדן, רוכעס־דוירעס — אַלע אַרום דיר. אַלץ אינאיינעם. און פלוצים:

אַלע — אין — א יי נ ע ם.

מוירעדיק הויך שטייט דיר צוקאָפּנס רואַך־געשטאַלט, לעוואָנעדיק לייכטנד, שווייגנדיק וועקנד. שטייט, מאָנט, באַפעלט:

— שטיי אוף און גיי!

ס'ציטערט פאַרקלעמט דיין איימע־געשריי, ברעכט אין שאַרבנס נאַכט־וועלט הילכיק:

— ווער ביסטו? וואָס ווילסטו?

יוגנט־נאַכט אָטעמט סוידעס. וואַכקייט שווייגט. האַרץ געפּענטעט, האַמערט־פיבערט:

גיי! גיי! — —

און דו גייסט. לאַנג. ווייט.

שטעט מיליאָניקע. מענטשן־מאַסן — זאַמד פון יאַם. פּענימער בלאַסע, פון ווייטאָק צעריסענע. הערצער, פון האַס אוןליידן צעשטיקלטע. אײַנגעטונקט אַלץ אין מאַרק־גערודער, אין געפילדער־יאַריד.

ראַאַש — ראַאַש — ראַאַש.

הינטער לאַרם קליינלעך־שטאָטישן נאָגט שטיל ציטערדיק געוויין פון געפּייניקטער נעשאָמע. און דיין אויער, טויב פאַר אַלץ, הערט געוויין נאָר פון דערווייטנס. ווילסט אים נאָכגיין, אים דעריאָגן? אָדער לויפן, זיך באַהאַלטן? אַלץ אומזיסט. אומעטום באַגלייט דיך יאָמער און עס קלינגען אין דיין האַרצן רוכעס־קלאַנגען, ווייטע, קראַנקע. ביינקענדיק און צאַפּלדיק.

גייסט. פלוצים טרעפט אין מיטן וועג — ווערסט פון יאָביד־גוף, פון זיך אַרויס־געריסן: — שטיי!

דו — נישטאָ מער. ערגעץ, אַמאָל אַלץ שוין געווען, אַלץ, וואָס דו זעסט, הערסט איצטיקע רעגע, אַלץ שוין געזען, געהערט. אַלץ ביז גאָר. אין שאָטן־וועלט, אין דוירעס־כאָלעם? צי אין זונען־לעבן, אין רויך־וואָר!

עמיצער האָט שוין אין דיר דאָס דערלעבט. און עפּשער — דו אין עמיצן. שטייסט אַף דער וואַך.

— קוק, רייס דיך ניט אָפּ! הער, פאַרליר נישט קיין לויט!

דיין ראָצן טויט. פון נעשאָמע־דעק, פול כווישעך, וויקלט זיך פאַנאַנדער מוירעדיק ספּיראַל־פּעדער צענויפגעפּרעסט. וויקלט זיך פאַמעלעך, זיכער, אָן אָפּהאַלט. און דיין האַרץ פול פאַכעד־צאַאַר שטייט.

זיך אַליין פּרעמד, זעסטו פון דערווייטנס אייגענעם נעשאָמע־לעבן, טהוימים־טיף פאַראַנקערטן.

דרייט זיך דאָרטן הימל־ראָד? אָדער וועלט־שטיין קייקלט זיך, וואַלגערט דיין נעשאָמע פלאַך? גיכער, גיכער! קום שוין, סאָף! — — — — — — — — — — — — — — — —

אַראָפּ. גרינגער. גוף, נעשאָמע ווידער זיך באַהעפט. אין זיקאָרן הילכט נאָך ווייט איימע־ווידערקאָל: געשען וואָס?

באַלד פליט ראַיוין דורך דיין אומרו: אין נעשאָמע מידער פּאָכן ביין־האַשמאָשעסדיקע פליגלען פון שלאַפקייט פאַליקער.

רויך־פּענימער אָן צאָל שוועבן, שמייכלען פול ראַכמאָנעס, פול אַכזאָריעס: — קום! — אום!..

## — ווי ס ן —

זיין אַליין. לעבן אין זיך, פאַר זיך. קלייבן־וואַקסן. וואַקסנדיק שאַפן. אָדלערדיק הויך. שפּיצבאַרגיק איינזאַם. גייסט איז וויסן. שטענדיק זוכן. ביזן גרונט דערגיין. אַלץ וויסן — אַלץ באַהערשן.

אַלע ביכער לייענען. אַלע בילדער זען. קלאַנגען אַלע הערן. רייסנדיקן לעבן־שטראָם דורכזיפּן דורך מענטשן־גייסט, איינצאַמען אין מענטשן־ווילן.

גייסט וואַקסט פון אינעווייניק. זויגט אַריין פון דרויסן עמעס־ליכט און שיינקייט־וואַרעם. שפּרינגט ראָשיי־פּראָקימדיק איבער צייט־ברעקלעך צו איינהייט־גאָרהייט.

מיט וויסן, מיט קענען זאַפּסטו אַריין אַלט דוירעס־גיפט. און פאַרסאַמט דיין גייסט, דיין ווילן. עמיץ לעבט אין יעדן פאַלד פון דיין נעשאָמע. פייטשט דיין בלוט מיט טויזנטער גאַניידן־ביינקשאַפטן נאָך ווועלטן ניט פאַרענדיקטע.

וויסן נאָר פאַר זיך איז טויט. רוען, שטיין, גיין אין שריט, בלאָנדזשענען אָן וועג און ציל — ניט פאַר דיר. טאָמיד שאַפן, יאָגן. שטענדיק נייע שפּראָצן טרייבן. און — קיין רעגע ניט אַליין זיין. לעבן אין טומל פון גאַסן, אין ראַאַש־גערודער פון מאַסן, מיליאָנען.

מיליאָנען. ווער זיינען זיי? וועלכע אויג האָט זיי געזען? קאָן זיי דען דיין גייסט באַנעמען? נאָר ווען אַ ל ע ווערן א יי נ ע ר, גיסן זיך צענויף אין פאָרווערטס. —

דאַמאָלסט הייבט דיך כוואַליע־קאַם, שליידערט הויך, שווינדלדיק הויך. און מיליאָנען זעען דיך, טרייבן און דעריאָגן דיך. — מיליאָנען — דאָס ביסטו.

אוים רו...

## — מ אַ כ ט —

מאַכט איז וויסן. מאַכט פון גייסט. נאַקעט פויסט איז כאַיע־וועלט. בלינדע, מיעסע, פאַרהאַסטע. מויאַך־קויאַך — אייביק סטירע. הערשער־מאַכט איז קינדעריש פּעטיש. מיט פּאַראַכטונג טיף אין האַרצן, בויגסט זיך קלוימערשט פאַרן פּעטיש:

– אין איינזאַמקייט פאָרש איך. לאָזט צו=רו מיך. וועלטן, פעלקער הערשט=צעטיילט. פריי מיין גייסט.

דיר צעווידער שלעפּט דיך כוואַליע ווילד אין פּעטיש=קאַמף אַריין.

– קעמערל פול גייסטן=שאָטנס פאַרלאָז. יאָג נאָך פעטיש ווייטן שימער. טרעג.ער און דינער פון מאַכט זאָלסטו ווערן. פון אונזער מאַכט. מיר ווילן – דו מוזט!

האָסט פול אָפּשיי אָפּט געציטערט, עפּשער האָט עמיצער בלוט וואו פאַרגאָסן. הייליק בלוט. מענטשן=לעבן – הייליק גוט. יעדער לעבן – פריינד צי פיינד – הייליק, נישט אָנריר.

– אַנדערש מוזטו איצטער זיין. ווילד ווי ווינטער-שטורם דיין האַרץ און ווי אייזברעכער דיין ווילן. מיר באַפעלן – דו געהאָרך!

טייכן בלוט – טרעף צו זון. בערג פון מייסים – אַלע ברעגן.

שטרעק צו ציל דיין פינגער אויס. מיליאָנען וועלן גיין. נאָר דערגרייכן וועלן הונדערט. וועג צו הייכל מענטשהייט=גליק וויזט – טויט.

– גייט! –

– ל י ב ע –

וועלטגאָר האָט צוויי העלפטן: איך און ניט=איך. סאָנים אַף לעבן און טויט.

איך אין קאַמף זוכט אין סוינע=לאַגער הילף, ביינקט נאָך טיקן.

– כ'האָב דיך ליב. דיך, ווי זיך. דיך, איינאיינציקע, פון די פרויען שענסטע.

ליבע מעכטיק. ליבע איינציק. צוויי אינאיינעם – טאָפּל=איך. און אין רעגע סוידעספולער ווערט אין ליבע=צאַאַר יורעש=איך געבאָרן.

– קינד מיינס, האַרציק, טייער.

מויער=צוים הויך און שפּיציק נעמט אַרום מישפּאָכע=איך. דאָ – איך, דאָרטן – ניט=איך. ארום אינזעלע נישטיקן ברויזט יאַם, פול באַזייט מיט אינזלען צעברעקלטע, שיפן צעשמעטערטע. ס'טראָגן זיך העלצער, כורוועס און צאָל. פאַר רעשטלעך קלאַמערן זיך טויזנטער הענט, פון כורבן פאַרבליבענע, אין טויטקאַמף פאַרצווייפלטע. מישפּאָכע=איך פון יאַם באַלאַגערט.

– ווילסט אייביק ליב האָבן איינאיינציקע, אַנדער העלפט דיין, שאָטן=איך?

שמייכלט ביטער, מיט לייכטן קרעכץ פון כוואַליע. און פון יאַם=שוים, שרייענד ווייסן שווימט אַרויס זוניק=זיכער מאַלקע=שיינהייט, גרויס און בלענדנד, עלנד=נאַקעט, פון נעשאָמעבגאָדים נאַקעט – פ ר ו י.

לאָקט אין טויזנטער געשטאַלטן פון דערוויטנס, נעמט אַרום מיט טאַיווע=נעצן פון פאַרשטיקטע מין=געפילן.

אָרעמס – שלאַנגען בויגיקע. ברוסטן – אַלפּן גליענדע. אויגן – טורעמס לייכטנדע. האָר – נאַכט=יאַם פאַרשלינגענדע. קערפּערס=הימלען איבער דיר. קערפּערס=טהומים אונטער דיר. שמייכלט יאַם און שטיל דערציילט: געווען אַמאָל איינאיינציקע, איר אייביקייט געשוואָרן. האָבן כוואַליעס שוים געבאָרן – אייביקייט שוים=בלעזלעך.

אינזל וויסט. איינזאַם אינזל. כאָרעוו האַרץ. נעשאָמע נאַכטיק. נאָנט שוין, נאָנט שוין אָטעמט יאַם.

פלוצלונג, פלוצלונג בליץ צעשפּאַלטן הימל, נאַכט און יאַם=באַדעק. און פון אָפּגרונט פון קאַדמוינים האָבן זיך צו דיר דערהייבן –

הענט – הענט – הענט.

הענט – שפּיזן מיט קאַס געשליידערטע. הענט – היסלאַהאַוועס=פיילן ברענענדע. פינגער שטעכן הימל האַסראָעדיק. פויסטן רייסן זיך וועלטן צעשמעטערן. אָרעמס בעטלען

טאַבנונים נעדאָוועס. פינגער ווינקען דיר, גריסן דיר, רופן דיך. הענט מיט מאַזאָליעס פון כאַיעשער מי. הענט – קאָרבאָנעס פון הונגער און פּיין. פינגער פון צאַאַר און וויטאָק צוקאָרטשעטע. הענט, וואָס מאָנען פון עמיין אַ גאָט. פינגער מיט נעגל צעבראָכן פאַרבלוטיקטע, שטורמענדיק, רייסנדיק אייזערנע טפיסע־ווענט. הענט, שווערנדיק אייביקע טרייהייט.–

יעדע האַנט – וועלט פאַר זיך. אַלע הענט – גרויסער יאַם. אַלע ציען זיך צו דיר. יעדע האַנט רייסט פאַזער פון דיין האַרצן. אַלץ צענומען – האַרץ פאַרשוואונדן. און אַז נאַכט האָט בליין פאַרלאָשן, איז דיין אינזל ניט געווען. פון מיליאָנען הענט געטראָגן, האָסט אין כוישעך־שטילקייט באַנג, ניי־פרעמד האַרץ אין זיך דערשפירט:

האַרץ פול ניט־איך.

און געפלאַקערט האָט אין האַרצן פּאַפּאָס־פריידּ, היסלאַהאַוועס־ליכט. קויאַך אָן גרענעץ, אָן סאָף:

– ליבע הייליק, ליבע אייביק.

ליבע האַרט, ווי בלוט נעקאָמע, ליבע פלאַמט פול סאַם און צאָרן.

ליבע צו אַלעמען – אַלעמען...

טויט בייסאַלמען!

– האַמוין –

וואָס קען שענער זיין פון שווייגן? אין זיך קלייבן. טיף פאַרזייען יוישער־זאַמען.

איינזאַמקייט – געאוינייש מוטער־גייסט. ווערטער געציילטע – פּיירעס רייפע. ווערטער, וואָס פלאַצן, פול בלוט און לעבן. יעדער וואָרט – נעשאָמע־אָטעם, דיין געדאַנק, דו אַליין.

שווייגן־טראַכטן. און פון ספּייקעס ביטער־האַרבע שיילן עמעס־יאָדער זים. שיילן שטענדיק, שיילן אייביק. אין איינזאַמקייט, אין הייליקער, אין שטילער.

פלוצים הערסט פון אַלע זייטן: און פון אויבן און פון אונטן פייטשט דיין בלוט קאַדמוינים־אַלטער סוינע־קויאַך:

– שטיי אויף און גיי!

ריידן־שרייען! אַף גאַסן – פאַר מאַסן. הילכיק, מאַרקיק. ריידן־ברענען, ריידן־פירן, ריידן־טרייבן. קאַנטיק שאַרף און טאָגיק־קלאָר.

אַלץ פאַרבלינעט פאָלק־האַמוין. כוואַליעט, רוישט. אַהין, אהער.

– יאָ!.. ניין!

– טייקעף!.. מאָרגן!

– אַלץ!.. גאָרנישט!

– גיין!.. וואַרטן!

כאַאָס בלינד. קייכעס צערודערטע. כאַיעס פול גרימצאָרן. רייסן זיך, בייסן זיך. כוואַליעס צעבראָכן, פאַרשלינגען זיך, אָן זין, אָן ציל.

האַמוין – יאַם. האַמוין – געמייזעכץ. ליידנשאַפט־יאַם אָן איינהייטליך ראָצן – בלינד געמייזעכץ. און עס שרעקט דיך יאַם־געמייזעכץ. גראָבסט זיך איין מיט נעגל טיפער, טיף אין מוטער־ערד: אונטן בלייבן, זיך ניט צייגן.

כוואַליע נאָנט שויז.

כוואַליע בלינדע, כוואַליע ווילדע, קום ניט נענטער.

אָנגעלאָפן. אָן ראַכמאָנעס רייסט דיך, טראָגט דיך וייטער, העכער. ביז אַף רוקן שאַרפן פון כוואַליע־קאַם הויכן!..

טויזנטער אויגן, פיבערדיק, גויסעסדיק, שטעכן זיך איין אין דיר, גיסן אָן פּייער־גיפט. טויזנטער פעדים, קלעפּיקע, שלאַנגיקע, וויקלען זיך, דרייען זיך פעכט אַרום דיר.

טויזנטער ווילנס, זוכנדיק, סויסערדיק, שטויסן זיך אָן אין דיר, פאָדערן העסקעם, פאָדערן, מאָנען:

– רייד! טו!

ס׳רעט. ליפּן באַוועגן זיך. ניט דו. מיריאַדן בליצן בליציקע שיטן־גיסן זיך רוכעסדיק פון נעשאָמעס־ראָצנס טויזנטער דורך דיין ווילן און דיין מויל:

– הערט און זעט, אָנצוטאַפּן! דאָס איז עמעס, יענץ איז ליגן. נאָר איין וועג, איינאיינציק גלייכער פירט צו גליק אייך נאָענטן, גיכן. און פאַמעלעך גלעטן זיך שטראָמען־כוואַליעס קעמפנדע. ראָצנס שטארק באַהעפטן זיך. גוואורע־קייכעס טראָגן זיך, רייען זיך, וואַקסן פעסט אינאיינעם:

האַמוין – גיבער. האַמוין – שאַפער.

– מיר גייען!

ווי אים!

– פ ר ײ ה י י ט –

לעבן פרײַ. מיט צייט־שטראָם שפילנד־שאַפנדן יעדע רעגע פרײַ זיך באַוועגן. פרײַ פון וואַנדערלוסט געטריבן, אַלץ דערלעבן. אומעטום. און אַף וועגן קרומע, שמאָלע און צו צילן ווייטע, הויכע.

יאָכיד־פרייהייט – העכסטע פרייד. ווען כוואַליע־רוקן שפּיציק האָט געטראָגן באַרג־אַרוף, אָטעמט טיפער, אָטעמט פרייער. הימלען עפענען זיך אַלץ ברייטער. פליגלען שלאָגן שטאַרקער, העכער.

– וואַרפט זיך, גיסט זיך אינ׳ם קאַמף, אינ׳ם גרויסן קאַמף פאַר פרייהייט!

· שלאַכט אין אָנהויב. סוינע הערשט נאָך, לויערט. ערשטע מאַכנעס העלדישע וואַרפן זיך אַף כוישעך־וואַנט. ברעכן זיך אין שערבלעך, שטויב.

טפיסע. צייט־ראָד אָפּגעשטעלט. גייסט און גוף געפּענטעט. טעג, ווי שאָטנס. שאָען־יאָרן, אָנשטאָט צייט קריכט ריזן־שפּין, אופגעריסן ברייט זיין מויל. נענטער, נענטער – אָט פאַרשלינגט דיך – נאַכט.

ביטער וויינט בלאָ פרייהייט־כאָלעם. עמיץ קרעכצט. סקריפּען ציין. און אין ווינקל כוישעכדיק גויסעסט, יאָמערט פרייהייט־האָפנונג.

יאָגט אַמאָל ווינט דורך גראַטעס אפקלאַנג ווייטן: דאָרטן פרייהייט־קאַמף אין דרויסן. נאָגט אין טפיסע פרייהייט־ביינקשאַפט. רוקט זיך ריזן־שפּין דאן נענטער, נענטער. איינצושלינגען.

טפיסע־נאַכט. ראַאַש־שטילקייט. מעשוגאַאַס־רואיקייט. פינצטערקייט אַלץ פאַרשלונגען. גוף, נעשאָמע – בלייאיק יאיעש. ווען, ווען, ווען? – – – – – – – – – – – – – – – – – – –

האָרך! פון דערווייטנס שלאָגן כוואַליעס – יאַם לעבט! נענטער, מעכטיקער זיין אָטעם: ס׳גייט! גראַטעס ציטערן. כוואַליעס שטורעמען טירן, טויערן.

מיר קומען!

– קומען!

– ט ו י ט –

געקומען. רויטע שטורם־פלאַמען. שווארצע פייער־כמאַרעס. הימלען הילכן רויט און שוואַרץ. פּלוצים ראַאַש – וועלטן פלאַצן. פּלוצים שטיל – וועלטן טויט.

פלאַמען רויטע בליצן, דונערן. ווייסע שליינגלען זיך און ציטערן. ווער איז גיוועור? – פינצטער.

געהענעם־נאַכט אַלץ פאַרשלונגען. אַלץ פאַרטרונקען —
בלוט — בלוט — בלוט.

אין קעלערס נאָרעט טויט־שרעק. ערד־וועלט בויערט כאַיע־האַס. נאָר אין הימלען ווייטע, ווייטע ווערט אַן ערגעץ ניי אַנטפּלעקט, ווערט געטאָקט אַ ניי אַמאָל.

— ברידער און שוועסטער אין אַרבעט און פרייד...

נידערן ערגעץ־הימלען אַף געהענעם־ערד. שטראַלן באַגעגנען זיך מיט נעשאָמעס טויזנטער, ליידנדע, בייקענדע און ארוף זיך רייסנדע. גאַנצער יאַם אַרוף!

שטורעמט יאַם צו הימלען. און אַף כוואַליע־רוקנס הויך ווערט געשליידערט ניסל־שאָלעכץ, אָרים, קליין שאַליאַך־ציבור.

לעצטע כורווע־מויער שטייט אַפן וועג צו נייע ווייטן, אַפן וועג צו נייע טיפן, נייע הויכן, נייע ברייטן. הייגט און שאָקלט זיך אין שטורם. כוואַליע לעצטע, העכסטע, ניינטע וואַרפט איר ברוסט אַף כוישעך־כורווע.

קראַ — אַ — אַך!

אַ — אַ — אַך!

ערד, יאַם, הימל זיך באַהעפטן: ניי, פריי, פריי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אונטער שערבלעך, וועלט־מיסט, שיימעס ליגט באַגראָבן, שוין באַפרייט, אייביק איינ־זאַם קינד פון קלאַל. — טויט שאַליאַך. ציבור לעבט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַפן קייווער גלאַנצט באַגינען.

אייניקייט — הייליקייט — אייביקייט.

הייליק אייניקייט פאַראייביקט.

פריי שאַליאַך־ציבור. אומגעקערט צו מאָקער־מוטער. דו־זיי־מיר. אינאיינעם.

בייקשאַפט־פייער אין וועלטיקן פלאַמען־פאַרטאָג געשטילט.

— מיר — — —

יאַם האָט גוואורעדיק יזקער־הימן געזונגען דיר — אייביקן.





מײלעך ראַװיטש.

## די פעלזנװעלט.

— פֿון בוך פּרעהיסטאָרישע לאַנדשאַפֿטן —

איבער אַלע װעלטן—װעלדער שטאַרן די בערג,
איבער אַלע בערגער סטערטשעט דער פֿעלזן,
אין אַלע פעלזן טאָטשעט די צײט. —
באַנאַכט װערט ער פֿרוכנע פֿון רעגן
און ברעקלט באַטאָג אין דער זון.
און הײנגט איבער טאָלן,
אײנזאַם.
און אין זײן האַרצן איז געװעזן ריס אף ריס
און אין די ריסן האָט געריזלט שטײנערדיקער זאַמד
און האָט געכראָפּעט, װי די לונגען פֿון געהאַרגעטע בעהײמעס:
כראַפּ,
כרראַפּ;
ביז דער בראָך האָט דורכגעבראָכן,

און געפאַלן איז ער, ווי אַ דונער,
אַזש ס׳האָבן זיך די קאָרעניעס פון בוימער אויסגעקערט
און אים נאָכגעשפרונגען מיט געקנאַק,
און אַף די העכסטע וואַלד־באַרג־פּלאַכן,
נאָענט נעבן בלאָען הימל,
האָט דער בער זיך אופגעזעצט אַף זיינע הינטערפיס,
און האָט זיין מאָרדע נייגעריק ארומגעדרייט,
פון דאָרעם ביז מיזרעך און פון מיזרעך ביז צאָפן —
איז די אָדלעריכע אופגעפלויגן פון איר נעסט,
מיט שאַרפע, הויכע קרייזן דרייענדיק,
און געסקריפּעט האָט זי מיט איר שאַרפן פּיסק.
ווידער שטיל.
און אַלס לעצטער וועקט זיך אוף דער ווינט,
וואַרפט ער אום אַ וואָלקן פון די פיס—
גיט עס אים אַ פינצטערן ריס,
קריצט ער מיט אַ דונער און בליצט מיט אַ בליץ,
און לאָזט אַרויס זיין ווייסן רעגן־בלוט
פון זיינע טויזנט ווייסע ציצן;
און יאָמערט שוין אַזוי,
און איבערשטראָמט די גאַנצע וועלט
מיט גאָם—
ביז צו די טונקלע ברעגעס פון דער נאַכט.
און דאַן איז שטיל און שטערננאַכט,
קלעפּן זיך די פיס פון בוימער אין דעם נאַסן, קאַלטן פוילן בלעטערוואַרג
און ציטערן שטאַרק,
און פון די בלעטער טריפט די קעלט.
אָבער פון די טיפע טאָלן קומט דער באַנאַכטיקער קוויטש פון די כאַיעס
אין שטילע קרייזן אַרוף.
אין שטילע קרייזן
קומט צו די הויכן
דער באַנאַכטיקער קוויטש פון די כאַיעס.
אַרוף.



אל. טאַבאַק.

## כאַווער־מענטש.

אַף אַ טרעפּל פון וואַגאָן
פון „אינטערנאַציאָנאַלער געזעלשאַפט פון די שלאָף־וואַגאָנעס"
שטיי איך,
שטעכנדיק מיט מײַנע פעלד־בינאָקל־אויגן
אַלע ווייטקייטן.
ס'זײַנען נאָך געבליבן גאַנצע פיר סעקונדן
און כ'באַשליס:
פאַרלאָזנדיק די אַלטע, גראָע סטאַנציע,
וועל איך האַסטיק גאַנצע דריי מאָל
זי באַשפּײַען.
עמיץ האָט פאַרשלעפט דעם אַלטן גלאָק פון קופּער,
וועלכער האָט געדאַרפט שוין קלינגען ס'דריטע מאָל,
און דערפאַר:
„איינשטייגן!"
מיר פאָרן.
„טפו, טפו, טפו!"

---

קום נענטער צו, מײַן פרײַנד,
הייב העכער אויף דײַן קאָפּ,
פאַרגעס, וואָס דו ביסט ווען געווען,
און האָרך, פאַרנעם:
דו דאַרפסט ערשט זײַן!
ניט שרעק זיך פאַר דער בלײַכער שײַן,
וואָס שפּראָצט פון פעלדערדיקן הימל, —
דאָס איז קיין זון נישט, ניין:
די זון, זי דאַרף ערשט קומען,
קומען.

אַ צווייפל האָט פאַרוואָלקנט דײַן געזיכט?
דו מיינסט די זון איז יענער געלכל,
וואָס שיקט אַראָפּ די געלע שטראַלן
אַף דײַן צעקנייטשטן פּאָנים?

ס׳אַ ליגן,
ס׳אַ גראָבער ליגן,
אַזוי ווי ליגן איז אויך דאַן,
ווען די צוויי־פּיסיקע, וואָס לויפן דאָ אַרום,
באַזיצן לאַנג דעם נאָמען: מענטש.
נאָר דו, וואָס דאַרפסט ערשט קומען
און ווען עס געהערט די צוקונפט פון דער וועלט,
געדיינק: דער עמעס איז דערווייל נישטאָ,
דער עמעס מוז מיט דיר ערשט קומען —
דערפאַר זיי שטאָלצער, פעסטער, האַרטער,
ווי אַ שראַפּנעל,
וואָס פליט צו איר באַשטימטן ציל.

באַטראַכט זיך איצט:
שטרעק אויס דיין האַנט,
און זאָל אַרומרייטן דיין בליק
אַף שטריק פון גומיע־מוסקלען ווייסע,
וואָס ציען זיך, ווי אַ קאַנאַט,
דורכפלאָכטענע מיט בלאָע בענדער,
באַוואַקסענע מיט דינע קליינע האָר.
דריק פעסט צונויף דיין האַמער־פויסט,
צי פעסט צונויף דעם מוסקל־קנופּ
און וואַרט, און וואַרט...
אַנטבלויז דיין לייב,
די פעלזן־ברוסט מיט אירע פיר און צוואַנציק רעלסן,
וואו עס באַוועגט זיך אומאויפהערלעך דאָס,
וואָס רופט זיך:
האַרץ.
און אָטעם איצט,
אַראָפּ, אַרויף, אַראָפּ, אַרויף,
פריי, קלאָר, הייס.
ווי אַ בליציק־בלאַנקער קופּל
אין בלומיק־דופטיקע אָראַנזשערייען,
זיצט פעסט דיין קאָפּ,
די קרוין פון גאַנצן קערפּער,
מיט איר געדאַנקען־מאַרך,
מיט אירע בליקן־אויגן,
מיט איר׳ס א ווערטער־מויל,
מיט איר׳ס אַ הערער־אויער.
אַף זיילן פליישיק־אייזערנע,
דורכפלאָכטענע אַזוי, ווי הענט,
באַוועגסטו זיך;

ביסט פריי אַמאָל געווען, ווי אַ כאַיע,
וואָס האָט נאָך קיין מאָל נישט געפילט אַ טפיסע־שטייג,
האָסט ניט שטאָלצירט, וואָס דו ביסט קיניג איבער כאַיעס,
און האָסט געשטרעבט.
אַ לאַנגער וועג געווען.
געגאַנגען לאַנג, געגאַנגען און געגאַנגען,
געשאַפן פיל, געשאַפן און געשאַפן,
דערהייבט זיך הויך. אַלץ העכער, העכער, העכער,
געפאַלן נידעריק, אַראָפּ, אַראָפּ, אַראָפּ,
ביז דו דערפילסט: ס'איז שווער,
ס'איז מאָדנע שווער.
און ס'וואַקסן אויס:
ס'איז מיגלעך און נישט מיגלעך —
פאַרוואָס?
ווייל דאָ איז מאַכט און דאָ ניטאָ;
ווי אַזוי?
דאָ הייבט זיך אָן
אַ ריי געדראַנקען־ליניעס,
און דיין פאַראיידלטן און סאַמעטענעם מויעך
צעשניידן קנייטשן טיפע, טיפע טיף.
דיין קערפּער פילט, ער ווערט אלץ שוואכער, שוואכער,
די הענט — זיי ווערן מידער, מיד,
די אויגן ווילן סאבאָטירן
און דו באַשליסט:
אזוי קען ווייט נישט גיין,
ס'מוז קומען, קומען די באפרייאונג.
דו ווערסט אוממעכטיק, ווערסט פון אייזן שוואך,
נאָר הייבסט דעם קאמף
פאר דער באפרייאונג אָן.

ארבייטר, וועלכער רופט זיך „צייט",
גייט שמייכלענדיק אף דער ערגע שטאָלן אַרויף
און זאָגט גאנץ הויך:
— געערטער אוילעם! היינט אַן אויסערגעוויינלעכער טאָג!
(די פרייזן זיינען צוליב דעם געהעכערט)
עס קעמפן צוויי וועלט־באַרימטע, פעסט־געבויטע טשעמפּיאָנען:
דער ביזאיצטיקער טשעמפּיאָן פון דער וועלט:
„די גאָלדענע מאסקע"
און אַ צווייטער
אין אַ רויטער מאסקע.
דער זיגער היינט באקומט אַ פּריז — די וועלט,
דער, ווער עס ווערט באזיגט, — פארשווינדט.

גערטער אוילעם! אופמערקזאַם! —

דער קאמף, ער הייבט זיך לאנגזאם אָן.
פֿון איין זייט דו — דער כאוועך מענטש,
און פֿון דער צווייטער — פּאָשעט מענטש,
וואָס האָט דעם נאָמען ביזן היינט געטראָגן.

דער צירק איז פול מיט מענטשן פיל,
דער קאמף, ער ציט זיך, ציט זיך, ציט.

צוויי קערפּערס פֿרעמדע
און נעשאָמעס פֿרעמדע.
נעשאָמע?
וואָס איז אזוינס נעשאָמע?
א נישט דערגרייכבארע,
א מאָדנע, טיפע, וועלכע פילט זיך,
נאָר ניין:
קלוגע פארבן זיינען שוואך,
מען מוז זיך מאָלן אנדערש.

אמאָל, אמאָל, ווען דו ביסט ווילד געווען,
ביסטו אליין געלעגן איינזאם,
פארוואָרפֿן אין א וויטן פֿעלד
באנאכט, אף דר'ערד.
די קני געבויגן, דיין קאָפּ — אַ נעפלדיקער, שווערער.
ווערסט לאנגזאם, טיפער, טיף פארצויבערט
פון יענער בלייכער געלער שיין,
וואָס גיסט זיך, ווי פארגעלטער אייל
פון בלאָאיק־גרינלעכער לעוואָנע,
וואָס האָט פארגעלט די גרינע ערד.

ארום איז שטיל און שטיל.
ניטאָ קיין זאך, קיין וואָרט, קיין קלאנג,
ניטאָ — ארום איז שטיל, שטיל.
פארזונקען טיף אין קישעפֿדיקן קישעף,
פארנומען, ווי אין אָפּיום־שלאָף,
שטרעקסט לאנגזאם, פֿול מיט ציטער,
אויס די הענט
צום קישעפֿדיקן קישעף;
די ליפּן ריידן שטיל, אָן ווערטער, נאָר מיט זיך,
און אין דיין קערפּער, קלאפּט, באוועגט זיך, קלאפּט;
דו פֿילסט,

אז דאָרטן טיף, אין דיר איז דאָ אַ צווייטער,
אַן אנדערער, אַ פרעמדער און אַן אייגענער —
דאָס רופט זיך, פריינד, נעשאָמע.

דער קאמף גייט ווייטער, ווי אַ וועג;
פאר מאכט, פאר הערשאַפט און פאר זיין
פארפלעכטן זיך די קעגנערס צוויי,
באגעגנען זיך די ביידנס בליקן,
און ווילנס פעסטע, ווי א שטיין,
באוועגןביידן ווייטער.

ביידע קערפּערס זינגען לידער:
יעדער בייג — אַ שריט אין ריטם,
יעדער נעם — א וואָרט א נייער,
יעדער וואָרף — א ניי באגריף,
יעדער שליידער — א שפּרונג אַ דרייסטער,
יעדער שפּרונג אין קאמף — א ווייטער גראם —
אליץ ווייטער גייט דער קאמף פון גלידער,
אליץ ווייטער זינגען קערפּערס לידער.

דעם קאמף באוועגט דער ווילן;
ער רעדט:
— איך וויל, איך מוז, איך וויל,
איך וויל, איך דארף, איך דארף, איך וויל,
איך וויל, איך וועל, איך וועל, איך וויל,
איך וויל, ס׳וועט זיין, ס׳וועט זיין, איך וויל.
ווי מאמע־ערד זאפּט איין א רעגן,
אזוי פארשלינגען קערפּערס — ווילנס
און ווייט און ברייט צעגיסט זיך לייכט
דעם ווילנס שיר:
— איך בין א ווילן פון פעסטן שטאָל,
איך בין אַ שטומער, כ׳בין אָן אַ קאָל,
מיין זיין, מיין שטרעבן ליגט אין מיין ציל,
וואָס הייסט: איך וויל, איך וויל.

ווען כ׳זאָג: ס׳מוז זיין, ס׳מוז זיין, ס׳מוז זיין,
דאן ווערט א נישט פון ג׳הענעמס פיין,
דאן איז א נול די וועלט, דער גאָט,
דאן ווערט פון הייליקטימער — שפּאָט.

ווען כ׳זאָג: איך דארף, איך דארף, איך דארף,
דאן העלפט קיין גרעניץ, קישעף, הארף,

דאן ווערט אַ פּעסטונג גיך אַ שטויב,
דאן ווערט אַ פליי פון ווילדסטן לייב.

ווען כ׳זאָג: איך וועל, איך וועל, איך וועל,
דאן ווערט פארשוואונדן יעדער שוועל,
דאן ווערט אַ באַרג — אַ גלייכער אָרט,
דאן ווערט פארשטומט אַן אנדער ווארט.
איך בין דער פּאָטער פון דער מאכט,
איך האָב איר אויף דער וועלט געבראכט. —

אלץ איז אָנגעשטריינגט, פאַרגליווערט,
אלץ צעטיילט זיך: זיין — ניט זיין,
ווי די קעמפּערס, אזוי דער אוילעם,
קוקט, לעבט, שאפּט, קעמפּט מיט.

טיף אין יעדן ציטערן די נערוון,
ברומען שטיל אַ פליטערדיק געזאנג:
— סטרונעס דינע זיינען מיר,
שווער פאַר אונז דער סמיטשיק
פון דעם כוּצפּעדיקן שפּילער,
וועלכער גרויסט זיך מיט זיין נאָמען:
„היינט״.
ער שפּילט אויף אונז אָן אופהער,
ער ציט און רייסט אונז אָן ראכמאָנעס,
מיר קענען באלד שוין מער ניט קלינגען,
ווערן באלד שוין טויב.
דינע סטרונעס זיינען מיר, דזינ...ן,
שווער פאַר אונז דער סמיטשיק, דזינ...ן,
וועלכער רייסט און רייבט אָן אופהער, דזינ...ן,
מיר ווערן באַלד צעפּלאַצט שוין, דזינ...ן.

די לופט אין צירק ווערט הייסער, הייסער,
אויף יעדנס פּאָנים ליגט, פארטיפט זיך
די געבויגענע ליניע פון הארטנעקיקייט
אָן ווינקלען, אָן שפּיצן, אָן שארפקייט,
וואָס זאָגט: „איך מוז!״

די געל־גרינע לאמטערנעס ווערן רויטער,
די צוקער־זיסע שמייכעלעך ווערן זאלציק ביטערדיק
און פּענימער געפּודערטע, ליפּעלעך געפאַרבענע
ווערן דיק באדעקט מיט רויך און שווארץ.
אנדערע באמערקן עס, טראכטן אויף אַ ווייליניקע,

נאָר פאַרגעסן גיך עס באַלד,
און גיסן זיך צונויף מיט דעם, וואָס קומט דאָרט פאָר
אף דער ארענע.

דער גאַנצער צירק האט איין נעשאָמע,
דער גאנצער צירק — איין קערפער נאָר;
די מיליאָנען, וואָס אין אים,
באשאפן איין און איינציק גרויסן
„איך".
מיליאָנען קערפערס — נאָר איין קערפער,
מיליאָנען אייגן — אויגן צוויי,
מיליאָנען הענט — אינגאנצן איין פּאַר,
מיליאָנען פיס — נאָר איין פּאָר פיס,
מיליאָנען „איכן" — נאָר איין גרויסער,
שטאָלצער, פעסטער, הארטער „איך",
וואָס זיצט אין צירק,
און לעבט, און פילט, און אָטעמט מיט
צוזאמען מיטן קאמף
אף דער ארענע.

זיין הארץ איז מיטן באוועג־מענטש,
זיין קערפער — מיטן פּאָשעט־מענטש,
ער פילט, אז זיגן מוז דער באוועג־מענטש,
ער וויים, אז צוקונפט איז באַ אים נאָר,
ער וויים, אז לעבן, שאַפן — הייסט מיט אים.
נאָר
שווער איז דער באלאסט פון קערפער,
וואָס דריקט, וואָס ציט, וואָס לאָזט אים ניט
צוזאמען גיין מיט באוועג־מענטש.
ער וויל, ער רייסט זיך, ער קעמפט
און אין איינגער הארמאָניע
מיט זיין באפרייטער שוין נעשאָמע
זינגט ער הויך
א הימן זיך.

— מיינע אייגן זיינען וויט געעפנט,
א נייע בלאָקייט פון א נייעם הימל
לעבט אין זיי,
א נייע טיפקייט פון פיל נייע יאמען
שוועבט אין זיי —
אויגן מיינע, ליכטיקע!
שטענדיק ווארפט די דינע שפּיזן,

שלײדערט אין דער צוקונפט,
קײנמאָל נישט אין אָװער, קײנמאָל נישט צוריק.
האַרץ מײנס!
קלאַפּ נאָר מעכטיק, פעסט און האַרט
און שטענדיק נאָר
פאָרטיסימאַ, פאָרטיסימאַ;
פאַרשװינדן זאָל דײן פּיאַנאָ
און שטאַרבן מעצאָ-פאָרטע,
זאָל לעבן נאָר פאָרטיסימאַ, פאָרטיסימאַ.
אַזױ קלאַפּט הײנט דער קאַמף,
אַזױ הײסט דער קאַפּעלמײסטער,
דער יונגער, נײער און מאַלאַנטפּולער
כּאַװער עפּאָכע.
טױזנטער שטראָמען לעבן אין מיר,
ברױזן, צעגיסן זיך, ברױזן,
און לעבערלעך, װײט, אומפאַרשטענדלעך פאַר מיר --
דער אַלטער באַגריף פון טױט.
װאָס איז ער?
כ'בין דאָ און מער ניטאָ?
װי לעבערלעך, װי אומפאַרשטענדלעך!
שטענדיק װעל איך לעבן,
שטענדיק װעל איך זײן
שױן אײנפאַך נאָר דערפאַר,
װײל כ'לעב שױן הײנט
און שאַף.
און זאָלן אױף מײן טױטן קערפּער
װוּנעס שפּײען זײער גאַל --
מיך אַרט עס ניט,
איך לעב,
װײל כ'האָב געלעבט,
װײל איך בין שטענדיק איך געװען,
איך בין איך
און נאָר דערפאַר װעל איך נאָר
לעבן, לעבן, לעבן,
אַ נישט דערגרײכבאַרער פאַרן טױט,
אַ װײטער, שטאַרקער קעגנער זײנער,
דער ניצאָכן װעט זײן מײנער,
װײל נישט זיגן הײסט זײן טױט.

הױך און מעכטיק קלינגט דער הימן
פון דעם נײעם „איך".
װײט צוגיסן זיך די קלאַנגען,
הױך און ברײט.

אין צירק ווערט הייסער, שטיקנדיקער.
דער קאמף, ער דויערט ווייטער,
אוןביידע קערפערס פלעכטן זיך
צונויף, פֿאנאנדער,
צונויף, פֿאנאנדער.

עס הייבט זיך אוף דער שטויב,
באקלאָגנדיק זיך פֿאר דעם בלאָען הימל:
— וואס ווילן האבן זיי פון מיר?
איך בין דאך מער ניט — שטויב;
וואס קלאפט מען מיך?
וואס לאָזט מען מיך נישט רואיק ליגן?
פון אייביק, אייביק טרעט מען מיך,
זאג איך דען א וואָרט?
הייב איך אוף דען ווען א הויכן קאָל?
נאר שלאגט מיך נישט, ווארפֿט מיך נישט,
רירט מיך נישט פון דר׳ערד
און שליידערט מיך נישט ביז די גראָע וואָלקנס,
איך בין דאך מער נישט — שטויב.

דער הימל ענטפערט ניט — ער שווייגט,
און שטויב צעפֿליט זיך, פליט זיך, פליט
אף אלע, אלע, אלע זייטן,
און באוועך איך, דער גרויסער אינ׳ם צירק,
זאגט הויך:
אזוי דארף זיין, ס׳איז שטויב.

א מעשענער ארקעסטער גיסט פֿאַנאנדער
מעכטיק
כוואַליעס קופער-דונערדיקע קלאַנגען,
וועלכע שאַפֿן גיך פֿון זיך
אַזאַ מין מעלאָדיע:

מיר שרייען, ווי סטאַיעס דערשראָקענע שראָקעס,
מיר שאָרכן, ווי שוואַרצע פאַרשלאָפֿענע שאָטנס, —
שטייט אוף!

מיר שפּאַלטן פאַרשטומטע פאַרשוויגענע שטיינער,
מיר שרעקן פאַרשימלט-פאַרשכוירעטע לעבנס, —
שטייט אוף!

מיר שאַפֿן אַ שאַרפֿע פאַרשענערטע שיינקייט,
וואָס שליידערט מיט שטראַלנדיק-שיינענדע שטיקער, —
שטייט אוף!

און שוידערלעך, שרעקלעך וועט זיין יענעמס שיקזאַל,
ווער וועט אונזער שרייען נישט וועלן דערהערן, —
שטייט אויף!

— אויף, אויף, אויף — ציט לאַנג און גראָב דער גרעבסטער קלאַנג,
— אויף, אויף — ציען אַלע נאָך אים נאָך,
— אויף! — גיט מעכטיק, פּעסט אַ זאָג
דער פּויק.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער קאַמף — ער ציט זיך ווייטער.



י. י. זינגער.

– אַ מאַטאָנע די אַמעריקאַנער „יונגע", אומבאַקאַנט –

# פ ע ר ל.

## I.

– איזאַק, די זון וואַרימט שוין גוט אינדרויסן?..

– גוט, פעטער מאָריץ.

– איזאַק, דעם שניי פון הויף שוין אינגאַנצן אַרויסגעפירט צו דער ווייסל?

– אינגאַנצן, פעטער מאָריץ.

– איזאַק, הער זיך צו. דער הוסטל איז שוין בא מיר אינגאַנצן א לויטערס?

– א לויטערס, פעטער מאָריץ.

– איזאַק, האָסט מיר צוגעגרייט די מאַלבושים אַף איבערגיין זיך?

– אָט גיי איך, פעטער מאָריץ...

איזאַק גייט אַוועק אין די אַנדערע כאַדאָרים אויסזוכן פעטער מאָריצ'ס מאַלבושים. און מאָריץ שפּילריין דעקט אָפּ פון זיך די וואַטענע קאָלדרע און שטעקט מיט מוירע אַרוים זיינע לאַנגע דאַרע פּיס פון אויסגעוואַרימטן בעט אַרוים.

אין שפּילריינס פאַרשלאָסענער וואויגונג רייסט זיך דער זומער מיט גוואַלד אַריין. דורך די שטענדיק אַראָפּגעלאָזטע שטאָרן שלייכט זיך אַ שטיק ברודיקע זון אַריין און לייגט זיך אוים נעבן שפּילריינען, ווי אַ פוילע אויסגעצויגענע קאַץ. אָפּגעריבן מעבל, ווייכס, ציט זיך מיט שטויביקע צונגען צו זוניקע פענצטערס. און אַן איינציקע פליג, אַ גרויסע און אַ גרינע, וואַכט מיט אמאָל אוף און זשוושעט מיט שטורם לאַנגווים אַ שייב. נאָר שפּילריין פאַר־לאָזט זיך ניט אינגאַנצן אַף העלן טאָג און זון, און ער האלט א צייט די אָפּגעדעקטע פּיס אפּן ברעג בעט, ווי ער וואָלט מוירע האָבן זיי אָנטרויען דער העלער, פרישער לופט.

ער איז אַ מענטש אַ מעסוקן – ווייסט ער – אַ מענטש אָן לונגען. בא אזעלכע מענטשן דאַרף מען נישט מער, ווי איין קליין ווינטעלע, איין פייכט לופטעלע, מ'זאָל שפּילן מיטן לעבן. דערצו נאָך פירט ער זיך, אַז ער ליגט יעדן ווינטער אין בעט, גאַנצע זעקס כאַדאָשים אין בעט. און ער האָט מוירע איצט א פּוס צו שטעלן, ווי א קינד, וואָס דאַרף מאכן דעם ערשטן טריט.

ער קריכט דעריבער אַראָפּ צוערשט מיט איין פוס, האלט אים א ווײַלע אַף ווייכן טעפּיכל, ביז ער געוויינט אים צו מיט דער לופט, דערנאָך לאָזט ער אַראָפּ די אַנדער פוס, ער צעציט זיין דאַר באוואקסן פּאָנים פון צופרידנקייט, ווי ער וואָלט גאָר א דרייסטקייט באוויזן און מורמלט צו זיך אליין מיט דראָבנעם ווייכן הוסטל, וואָס איז שווער צו וויסן, צי ער שמייכלט, צי ער זיפצט:

– כאָ, כאָ, כאָ, נאָך א ווינטער אריינגעכאַפּט...

– כע, כע, כע, ווי מיט די הענט אריינגעכאַפּט...

בא שפּילריינען אין דירע איז שטיל, ווי טאָמיד. דיקער אומבאַרירטער שטויב ליגט זיך רואיק אַף יעדער קליינקייט, זיכער, אַז מ'וועט אים קיינמאָל נישט אראָפּטרייבן. פּעט־בייכיקע שפּינען שלאָפן זיך געמיטלעך אין געדיכט איינגעפונדעוועטן שפּינוועבס און כאָלעמען וועגן ווייכע, פליישיקע פליגן. בלויז נאָר איזאַק דער מעשאָרעסל קריכט ארום אין די שבײ־נעסדיקע צימערן אַף אלע פיר און זוכט פעטער מאָריצ'ס שיך און קאַלאָשן. שוין זעקס כאַדאָשים, ווי פעטער מאָריץ האָט דאָס אָנטועכץ נישט באַנוצט. זעקס כאַדאָשים, ווי ס'ליגט

ערגעץ איבעריק און פארגעסן, ווי כּפּייצים פון נאָך א טויטן. און איזאק דרייט זיך אויס זיין גרויסן טאמעוואטן קאָפּ און קריכט אף אלע פיר אונטער פאַרשטויבטע סאָפּעס און אלמערס.

שפּילריין זיצט זיך אפן ברעג בעט. ער הערט זיך איין מיט שאַרף=ברעגיקע אויערן צו יעדן שלעפּ פון איזאקס שווערע פיס, און זיין פארבוישעכטער פּאָנים צעציט זיך אים אין טיפע טונקעלע קנייטשן, ווי באַ א מענטשן, וואָס וואָלט וועלן עפּעס זאָגן, נאָר ער איז זיך נאָך דערוויל אין זיך מעיאשעוו:

– זאָגן, צי נישט?

אלע יאָר – דערמאָנט ער זיך – איז דאָס אייגענע. אלע יאָר פארגעסט ער, דער טאָם, וואו ר'האָט אים טכילעס ווינטער די שיך פארוואלגערט. און ער נעמט לאנגזאם ארויס דעם וויים=ביינערן טאבעק=שקעטעלע פון בוזעם. ער קלאַפּט דערמיט אָן איניקע מאָל אן קאָפּ פון בעט און רופט מיט שטיקנדיקן, פייכטלעכן קאָל:

– אנו, טאָם, אריין...

– אנו, ליידיקגייער, אהער...

איזאק קומט אריין אויסגעשמירט מיט שטויב, פארוועבט אין שפּינוועבס און קוקט מיט קיילעכדיקע קאַלטע פיש=אויגן אפן פעטער פון דערווייטנס.

ס'האָט נאָך אייגנטלעך קיינמאָל נישט געטראָפן, אז פעטער מאָריץ זאָל אים אָנרירן אפילע. קיינמאָל נישט. נאָר פונדעסטוועגן איז באַ אים אן איינריידעניש, אז פעטער מאָריץ וויל אים פארנארן נאָענט צום בעט און אים מעקאיעם=פּסאַק זיין. און ער שטייט דעריבער מיט פאָרזיכטיקע טריט פון דערווייטנס, ווי אן אינגל אן אקשן, וואָס איז געוויינט צו קלעפּ.

שפּילרייגען פאַרדריסט עס טאָמיד איזאקס מאַניער. און דאַפּקע, ווייל יענער האָט מוירע, ווילט זיך אים, אז דער באָכער זאָל דורכויס צוגיין אים נאָענט צום בעט און אויסהערן אים פון דער נאָענט. א ווילע קומט פאָר א שטומע שפּיל צווישן זיי. שפּילריין קוקט גלייך מיט שמאָל דורכדרינגלעך אויג אף מעשאָרעסל זיינעם. ער רופט אים פון ווייטנס מיט א ווינקעדיקן אויסגעשטרעקטן פינגער. און איזאק רוקט זיך הינטער זיך מיט שטילע אומבאַמערקבאַרע טריט. נאָר אַז ס'דויערט אַ היפּשע ווילע און ס'קומט ניט צו קיין רעזולטאַט, צעהוסט זיך שפּילריין פאַר אופרעקונג און כאַפּט זיך מיט ביידע ציטערנדיקע הענט צום גומענעם שפּיי=פלעשל זיינעם, און איזאַק בלייבט שטיין אינגאַנצן פאַרגליווערט.

דאָס שפּיי=פלעשל – ווייסט איזאַק – האַלט טאָמיד פעטער מאָריץ באַ זיך גרייט, אופגעהאַנגען אַף אַ לאַנגער שנור און איבער שפּיציקן אַקסל פאַרוואָרפן. דאָס איז אַ פלעשל אַ קורצס און אַ בייכיקס, מיט אַ שמאָל העלזל און מיט אַ רויטן פּראָפּן פאַרשטאָפּט. און טאָמיד, ווען פעטער מאָריץ רעקט זיך אוף און ס'הייבט אָן אים שטיקן דער הוסט, כאַפּט ער זיך טייקעף צום פלעשל. ער ציט אַרויס מיט פיבערדיקע פינגער דעם פּראָפּן, און שפּייט אַריין אין שמאָלן העלזל פינקטלעך און לאַנגזאַם. ער קוקט דערנאָך אַריין מיט איין אָפן אויג אַ היפּשע צייט אינעווייניק, ער פאַרמאַכט צוריק און טאַפּט לאַנג באַם גומענעם פּראָפּן, צי ער איז גוט פאַרשטאָפּט.

איזאַק גלאָצט מיט נאָך קיילעכדיקערע אויגן אַף פעטער מאָריצעס שווייגנדיקער אַרבעט און שאַרט זיך אַרויס פון צימער באַצייטנס, נאָך איידער פעטער מאָריץ וועט אָפּווישן די בלוילעכע מילצן=ליפּן און מעגן אויסריידן. ער פאַרקלייבט זיך אין לעצטן פון די זעקס גרויסע און פּיסטע כאַדאָרים. ער באַהאַלט זיך טיף אין אַ נידעריקן פאָטעל און גיט אַ צייט פון זיך נישט צו וויסן. ער גיט אַפילע קיין אָטעם נישט, אַזוי, אַז פעטער מאָריץ הויבט זיך אָן באַאומרואיקן און שפּיצט אויס זיינע לאַנגע שאַרפבּרעגיקע אויערן צו יעדן שאָרך פון דערווייטנס.

שפּילריין איז איפּגערעקט ביז גאָר. ער איז זיכער באַ זיך, אַז האַגאַם ער איז אָפּגעלעגן אַ ווינטער אין בעט, גאַנצע זעקס כאַדאָשים אין בעט, ווייס ער פונדעסטוועגן וועגן אַלץ, וואָס טוט זיך באַ אים אין שטוב, וואָס טוט זיך באַ אים אין יעדער ווינקעלע. וואָלט ער זיך נאָר פילן אַ ביסל געזונטער, וואָלט ער אים אָנגענומען, דעם טאַם, באַ ביידע אויערן, ער וואָלט אים אַזוי אַריינגעפירט ביז אין פערטן צימער אַריין און וואָלט אים אָנגעוויזן אַף הינטערן קאַמאָד.

– אָט, אָ, ליגן זיי, טאַם...

– אָט, אָ, ליגן זיי, ליידיקגייער...

נאָר וואָס קומט דערויס, אַז ער טאָר גאָרנישט אַראָפּגיין אָן די שיך פון בעט. כוץ דעם איז ער גאָר אינגאַנצן פאַרפאַלן געוואָרן, דער יונג, און ער קאָן זיך נישט באַשליסן, שפּילריין:

– קעדאַי אים נאָכצוגעבן. קעדאַי אָנקלאַפּן מיטן שקעטעלע און איבערבעטן, אָדער עפּשער גאָרנישט זיך מאַכן ווייסנדיק.

שפּילריין איז נישט רואיק. טאָמיד, ווען איזאַק פאַרקלייבט זיך אין לעצטן ביידער און גיט פון זיך נישט צו וויסן, באַהערשט אים אַזאַ אומרואיקייט. ערשטנס, ווייס ער, איז באַ דעם באָכער אַ מאָדנע טעווע: טאָמיד, ווען ער זידלט אים אויס, באַפאַלט אים אַזאַ שרעק, אַז ער גייט אַוועק אין אַן אַנדער ביידער און לייגט זיך אַוועק אין כווליע-נויפל. און דאַן מוז ער, שפּילריין, אַרומבינדן זיינע גומענע וואַרים-פלעשער צו די פיס. ער מוז אַרויסקריכן פון וואַרימען בעט אַרויס, און שטיין אַ צייט דעם כווליע צוקאָפּנס, אָנגעבויגן, מיט אַן אַייזערנעם שליסל אין האַנט, אַ סגולע אַף צו דערוואַכן.

שפּילריינען איז דאָס נישט ניכע. ער קאָן נישט פאַרטראָגן דעם באָכערס קלאַפּן זיך אָן דער ערד, דערצו ווערט אים די האַנט מיד פון האַלטן דעם שליסל, און ער קאָן זיך דערנאָך אַ צייט נישט צוריק דערוואַרימען אין בעט. נאָכן צופאַל געדיינקט אַפילע נישט דער באָכער אַ האָר נישט. ער פאַרגעסט אינגאַנצן, אַז מ'האָט זיך אַף אים פריער געבייזערט. דערצו נאָך, אַז פעטער מאָריץ שלעפּט אַפּער אַן אויסגעוואַרימטע מאַטבייע פון אונטערן קישן און גיט אים אַף געבראָטענע עפּעלעך, צוזאַמען מיט אַ האָריקער האַנט אַף צו קושן -- קושט איזאַק מיט גליטשיקע ליפּן אין אדערדיקער האַנט און שמייכלט מיט נאַרישע פאַרבן:

– אַ שיינעם דאַנק, פעטער מאָריץ...

דער איקער מוירע האָט שפּילריין פאַר עפּעס אַנדערש. באַ אים ציען זיך זעקס לאַנגע און פוסטע כאַדאָרים, און אין דעם לעצטן איז פאַראַן אַ דאָפּלטע טיר, וואָס איז אינעווייניק געשמידט מיט שוואַרצן אַייזן און מיט מעשענע ניטן געפלאַסטערט און אין דרויסן מיט געלע פעל געדעקט. דאָס איז אַ טיר, אַ מאַסיווע, אַ שווערע מיט איינגלישע שלעסער און ריגלען געגאַרטלט. נאָר שפּילריינען דוכט זיך טאָמיד, אַז עמיצער פאָרעט זיך באַ איר דאָרטן. און ער שיקט אַלעמאָל איזאַקן זיך דערוויסן, צי דאָס קייטל איז גוט פאַרשטעקט.

איצט גיט איזאַק שוין אַ צייט פון זיך נישט צו וויסן. דערצו איז ער נישט אינגאַנצן זיכער, צי דער באָכער וועט זיך סאָף-קאָל-סאָף נישט אָנברויגעזן און אים איבערלאָזן איינעם אַליין אין די זעקס גרויסע און פוסטע כאַדאָרים – און ער פילט זיך אַזוי איינזאַם און עלנד, ווי אַ קינד, וואָס מאַמע האָט אונטערגעוואָרפן.

אַ ווײַלע זיצט ער און שווייגט. ער האָט איצט אַ סאַך אַרבעט צו טאָן, איידער ער לאָזט זיך דעם ערשטן מאָל אין גאַס. ערשטנס, דאַרף ער צוגרייטן זיך נייע שטיקלעך וואַטע צו זיינע שוואַרצע שפּיזיקע אויערן-לעכער. צווייטנס, דאַרף ער אויסבעטן ווייך די ברילן זיינע, דאָרט, וואו זיי קוועטשן אָפּ נאָז און אויערן. דריטנס, דאַרף ער כאַפּן אַ בליק צו דער סכוירע זיינער אויך.

הינטערן וואָלענעם לייבל זיינעם, וואָס ער טוט קיינמאָל נישט אויס סיי ווינטער, סיי זומער, ליגן בײַ אים ווייסע דינע פּאַפּירן מיט קליינע העלע אויצרעס און וואַרימען זיך אַפֿן דאַרן לייב זיינעם. דאָס זיינען רויע, נישט געשליפטע שטיינדעלעך, וואָס ליגן מיט ערד צוזאַמען אין דינעם ווייסן פּאַפּיר, און טאָמיד, ווען שפּילריין נעמט זיי וואַקלדיק פֿון וואַרימען באַהעלטעניש אַרויס, הייבט אָן שמעקן מיט אמשטערדאַם און אַנטווערפּן און מיט קלאָרן באָרטן פֿון יאַם.

היינט ־גייט שפּילריין נאָך זעקס כאַדאָשים דעם ערשטן מאָל אַף דער צירונג־בירזשע. דאָרטן וואַרטן שוין אַף אים סאָכרים־מעווינים מיט גרייטן נאַכעס פאַר אַ שטיין אַן אַנטיקל און מיט גלאַנציקע רונדע שפּאַקטיוולעך אַף רעכטן אויג פֿאַרזעצט. כוין דעם זיינען נאָך פאַראַן בײַ אים עטלעכע שנירלעך פּערל, מאַטע און כענעווודיקע, ווי קינדערשע טרערן. אַ גאַנצן ווינטער זיינען זיי בײַ אים געווען אַרומגעוויקלט אין עטלעכע מאָל אַרום זיין גערונצלטן, צעקנאָדערטן האַלז. מיגלעך, אז די קנופּן אין די שנירלעך זיינען לויזגעוואָרן און קאָנען זיך אים אַמאָל פֿאַנאַנדערשיטן אין מיט גאַס. און ער פּאָרעט מיט בלוילעך־שטייפע פֿינגער צווישן העלע זוניקע אויצרעס.

ער טוט זיך זיין אַרבעט קלוימערשט רואיק, אויסגערעכנט און לאַנגזאַם, און וואַרט אַלץ דערווייל אין בעט־קאסטיום: בא אים פרעסן זיך אויס זיינע דארע לאנגע פיס אין וואָלענע זאָקן ביז די לענדן. דער איינגעפאלענער בויך איז מיט אַ וואַרים פוכיק קישעלע ארומגעשנורעוועט, דער קאָרפּוס איז איינגעהילט אין א וואָלן האָריק לייבל, אפן קאָפּ זיצט בא אים אַ רויט וואליטשקן־מיצל, און אף רעכטן אויג זיצט א שוואַרץ רונדיק שפּאַקטיוול, ווי בא גאָלדשמידן און זייגערמאכערס.

ער האָט שוין דורכגעפּרואווט אלע קנופּן און איבערגעציינט זיך, אז זיי זיינען שטייף פֿארקנופּט. די וואטע צו די אויערן פאסט שוין אינגאנצן און אפילע די ברילן זיצן אויך ווייך און באקוועם אף אויסגעבויגענער אָדלער־נאָז. נאָר איזאַק גיט נאָך אלץ פון זיך קיין סימען נישט. און שפּילריין נעמט זיך קלאַפּן מיטן שקעטעלע אין בעט. ער קלאַפּט, ער הערט זיך צו צו יעדן הילך, וואָס שלאָגט אָפּ פון אלע זיינע זעקס גרויסע און פוסטע כאדאָרים, נאָר איזאַק ווייזט זיך אלץ נישט. ערשט אז ער צעשרייט זיך מיט זיין פייכטן פאַרדומפּענעם קאָל און רופט מיט צענדליקער ווידערקוילעס:

— איזאַק, גענוג שוין, איזאַק...

— איזאַ־אַ־אַ־ק, וואו ביסטו, איזאַ־אַ־אַ־ק?..

דעמאָלט קריכט איזאַק אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און שלעפּט זיינע שווערע פֿיס פון איין צימער אין אַנדערן ביז פעטער מאָריצעס בעט. שפּילריין האַלט שוין גרייט פאר אים אַן אויסגעוואַרימטע מאַטבייע צוזאַמען מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט צו קושן און ער וואָרנט אים עטלעכע מאָל ווייך און איבערבעטנדיק:

— גיי קויף דיר עפּעס, איזאַק...

— נאָר שטעל זיך ניט אָפּ מיט קיינעם, הערסט איזאַק...

איזאַק קושט מיט פולע גליטשיקע ליפּן אַף האָריקע אָדערן און שאָקלט צו צו פֿעטערס אָנזאָג. בא אים איז אַן אָנגעבלאָזענער רויטער פּאָנים, וואָס דערמאָנט אָן צוגעפּראָרענע ווינטער־עפּל, און אַ ווייך־רויער, אָן יעדן כימען פון באָרד און וואָנצן, ווי בא א סאָריס, און יעדן מאָל, וואָס ער גייט פֿאַרבײַ פֿעטער מאָריצעס הויף, לאָזן זיך די זאָקנמאַכערינס און פּאַפּיראָסניצעס אַרויס פֿון די קעלערס. זיי קיצלען אים פלינק אונטער די אָרעמס מיט שפּיציקע פֿינגער און שרייען אים אין די אויערן מיט היסטעריש־קוויטשיקע לאַכערייען:

— איזאַקל, ווילסט מיך פֿאַר אַ קאַלע?.

— איזאַקל...

שפּילריין ליגט דאַן באַ זיך אין בעט און שטריינגט אָן שאַרפבּרעגיקן אויער צו יעדן שאָרך, וואָס קומט פֿון הויף. באַ אים איז אַ הויף אַ גרויסער, אַ פֿינפשטאָקיקער, מיט אַ סאַך קעלערשטובן: ווערקשטאַטן פון פאַפּיראָסן־פֿאַבּריקלעך און זאָקן־שטריקערייען. דאָרט ציטערן טאָמיד די פֿאַרבּלאָטיקטע, דראָט־פאַרצוימטע שויבן. רויט עלעקטרישע באַלייכטונג ברענט אַפילע באַטאָג און מ׳דערקענט יעדן לויט די שיך. אַ סאַך זיינען זיי דאָ, די קעלערס, זיי רינגלען אַרום דעם גאַנצן גרויסן הויף און זידן טאָמיד, גלייך די מויער וואָלט אף פֿייערשפּייענדיקן גרונט געשטאַנען. און אַקעגנאיבער זיי ציט זיך שפּילריינס לאַנגע דירע פון אַ גאַנצן צווייטן שטאָק און קוקט מיט שטענדיק פאַרשטעלטע פענצטער אַף ברייטן הויף אַרום זיך.

טומלדיק איז אין שפּילריינס הויף. פון זידן פון רעדער און וואַלצן רייסן זיך מיידלערשע הייזעריקלעכע שטימען אַרויס און ווערן אָן ווידער קוילעס ערגעץ פאַרפאַלן. קונצנמאכער קומען דאָ אָפט אַריין. זיי שפּרייטן אויס אַן אויסגעקראָכענעם טעפּעך אַף ברודיקע שטיינער און קלאַפּן מיט טאַצן. נאָר שפּילריינס פענצטער עפֿענען זיך קיינמאָל נישט. קיינמאָל הייבט זיך דאָרט קיין שטאָר נישט אוף, קיינמאָל זעען זיך קיין מענטשלעכע פּאָר אויגן דורך זיי. און נאָר די שטאָרן זיינען טאָמיד סוידעסדיק אַראָפּגעלאָזן, די שויבן מיט שטויב באַדעקט, די פענצטער לאַנג און שמאָל און אַזוי צוזאַמענגערוקט נאָענט איינער צום צווייטן, ווי זיי וואָלטן מוירע האָבן פאַר אַ פרעמד אויג, און צוגעטוליעט זיך איינער צום צווייטן, קעדיי זיך פילן זיכערער. און אין די הודיענדיקע קעלערס רעדט מען אָפט וועגן די קֶעגנאיבערדיקע פאַרשטויבטע פענצטער און מ׳דערציילט, וואָס מ׳זאָגט.

— מ׳זאָגט, אַז שוין צען יאָר, ווי מ׳האָט דאָרט די שטובן נישט צוגערוימט...
— מ׳זאָגט, אַז קיין שום מענטש לאָזט מען אַהין דאָרט נישט אַריין...
— מ׳זאָגט, אַז די גאַנצע יערושע דאָרט איז פאַרשריבן אַף איזאַקלען...

איזאַק אַליין ווייסט נישט דערפון. נאָך קיינמאָל האָט פעטער מאריין מיט אים נישט גערעדט דערפון. נאָר ווייל מ׳האָט אים אָנגעזאָגט זיך מיט קיינעם נישט אָפּצושטעלן, שלעפּט ער גיך זיינע שווערע פיס און גלאָצט מיט אומרואיקע פֿאַרבּן אין די באַקן. ער איילט זיך. נאָר, ווי אַף צעלאכעס, דערזעט מען דורך די קעלערשויבן זיין טרייסלדיק גיינגל און דאַן לאָזן מיידלעך אָפּ זייערע „אויגלעך" אין שטריקן, נעמען אים אין א רעדל אַרום, קיצלען אים גיך און שרייען אים אין די אויערן:
— איזאַקל, ווילסט מיך פאַר אַ קאַלע?..
— איזאַקל?..

שפּילריין הערט זיך איין באַ זיך אין בעט צו די קוויטשיקע קוילעס און ער דערפֿילט אַ מאָדנע הודיענדיקע אומרואיקייט אונטער טיפן גריבל פֿון האַרץ.

ער ווייסט, אַז איזאַק לאָזט זיך נישט אַריין אין קיין מאַבואָקעס מיט די מוידן. נאָר פונדעסטוועגן קומט ער טאָמיד אַרוף אַ פאַרויטלטער, אַ צערייצטער און אַן איפגערעקטער. באַ אים גלאַנצן זיינע קאַלטע פֿיש־אויגן און די ליפּן זיינען באַ אים נאָך גליטשיקער און פולער. און שפּילריין רופט אים צו צום בעט, ער האַלט אים אַ ווייַלע מיט ביינעריק איינגעגעסענע הענט און קוקט אים פאָרשנדיק מיט פֿינצטערן שטומען בליק גלייך אין די אויגן. ער איז נישט אינגאַנצן זיכער, צי וועלכע ניט איז מויד וועט אים סאָף־קאָל־סאָף נישט נעמען צו זיך אין די הענט און אים אָנריידן צו שלעכטס קעגן אים, שפּילריינען. און ער עסט זיך אים איין מיט קאָטעריש־גרינלעכע אויגן, ער שניידט זיך אַריין מיט

זיינע ביינקע פֿינגער אין איזאַקס פּוּכקע הענט און גיט אים האַסטיק אַ לאָז אָפּ פֿון זיך, אַזוי, אַז איזאַק גיט זיך אַ טרייסל אָף זיינע שווערע פּיס.

איזאַק ווייסט נישט, וואָס פּעטער מאָריץ וויל פֿון אים. דערצו איז ער אופגערעקט פֿון די מיידלשע פֿינגער, וואָס ער פֿילט נאָך אונטער אָרעמס. ער פֿילט זיך מיד און שלעפּעריק און ער ציט זיך אויס אַפֿן סאָפֿקעלע, וואָס בּאַ יענער זייט וואַנט, קעגנאיבער שפּילריינס בעט. שפּילריין זיצט שטיל. ער קוקט מיט גרויסע אָפֿענע אויגן אַרום זיך און הערט זיך איין מיט אונטערגעשפּאַרטן אויער צו יעדן שאָרך אַרום זיך. ער האָט ניט גערן, אַז איזאַק שלאָפֿט. ער וואָלט אים וועלן זען טאָמיד אַ וואַכעדיקן, טאָמיד זיין קאָל הערן, און פֿילן, אַז ער איז נישט אַליין. נאָר אַף צעלאָכעס איז דער איזאַק אַ פּעפֿער, טאָמיד וואָלט ער שלאָפֿן און דרעמלען, אַפֿילע אין מיטן עסן אויך. און שפּילריין ליגט וואַך. ער פּאַרגינט זיך אַפֿילע נישט אָפּהוסטן, טאָמער וועט ער דערוויל דורכלאָזן עפּעס אַ שאָרך פֿון אַ צימער.

בּאַטאָג איז נאָך ווי ס'איז, אַביסל היימלעכער. דעמאָלט לאָזט שפּילריין ניט צו, אַז איזאַק זאָל שלאָפֿן, ער קלאַפּט קעסיידער מיט ביינערן שקעטעלע און מינטערט אים:

– איזאַק, גענוג דאָך, איזאַק...

– איזאַק, קום אַהער לייענען לעסינגען, איזאַק...

איזאַק נעמט דאַן אַרויס דעם אַלטן „נאַטאַן דער ווייזע" מיט די פּאַרפּעצטע בלעטלעך. ער זעצט זיך אַוועק נעבן פּעטער מאָריצעס בעט און לייענט מיט אַ דין הייזעריק קאָלכל זייטל נאָך זייטל. דאָס איז דער איינציקער בוך, וואָס געפֿינט זיך בּאַ פּעטער מאָריץ אין שטוב. שפּילריין קאָן אים שוין אויסווייניק. ער ווייס יעדן דיאַלאָג צווישן דעם קלוגן נאַטאַן און דעם פֿאַרשטעלטן דערוויש. נאָר פֿונדעסטוועגן הערט ער מיט גרויס אופמערקזאַמקייט יעדן וואָרט פֿון איזאַקלס מויל. ער צעציט אין נאַכעס זיין צעקנייטשטע פּאָנים פֿון יעדער קלוגער טשוואָע, וואָס נאַטאַן ענטפֿערט דעם רעטער פֿון זיין שיינער ראָכל. ער צעהוסט זיך אַזש פֿון האַנאָע. ער ווייזט איזאַקן מיט אַ פֿינגער, ער זאָל זיך אָפּהאַלטן און הייסט אים נאָכאַמאָל איבערלייענען דעם זעלבן דיאַלאָג:

– איזאַק, נאָכאַמאָל פֿון אָנהייב...

– איזאַק, מיש צוריק איבער אַ בלעטל...

אָבער דאָס איז אַלץ בּאַטאָג. נאָר קומט אָן די נאַכט, פֿאַלט איזאַק אַריין אין אַזאַ פֿאַרשטיינערטן שלאָף, בּעשום אויפֿן נישט צו דערוועקן. און שפּילריין קוקט לאַנג אַפֿן קייַלעכדיקן זייגער קעגן זיך, לאָזט קיין אויג נישט אַראָפּ פֿון די ווייזערס, ווי ער וואָלט זיך וועלן איבערצייגן:

– רוקן זיי זיך טאַקע די ווייזערס איבערן ציפֿערבלאַט, צי נישט?..

אין שטוב איז שטיל. די אינעווייניקסטע לאָדן זיינען פֿאַרמאַכט. דער לאָמפּ וואַרפֿט אַ שטיק שיין אַרום בעט און לאָזט אַלץ הינטער זיך אין פֿינצטערניש געוועבט. און שפּילריין ציט אויס זיין לאַנגען האַלז פֿון וואַרימער קאָלדרע אַרויס און שיקט פֿינצטערע בליקן צו האַלבּ־פֿאַרמאַכטער טיר. הינטער טיר ציען זיך אַ סאַך פּוסטע, פֿינצטערע כאַדאָרים, אָפּגעזונדערטע און פֿאַרמאַכטע, פֿרעמד איינער דעם צווייטן, און זעלטן ווער ס'עפֿנט זיי. בלויז נאָר אַמאָל, איינמאָל אין וואָך, שאַבעס צונאַכט, קומט דייכעס דער הויזפֿאַרוואַלטער אַריין און טראָגט שפּילריינען אַ שווער לייוונטן זעקעלע. דאָס קומט ער, דייכעס, אָפּגעבן די דירע־געלט, וואָס ער האָט בּאַ די עטלעכע הונדערט איינוואוינער צוזאַמענגענומען. און ווי טאָמיד, גייט ער אַף שפּיץ פֿינגער, ווי איינער, וואָס איז נישט זיכער מיטן באָדן אונטער זיך.

ער גייט מיט אַ פּאָר געבויגענע פּלייצעס, מיט אַ פּאָר בוילעטע אויגן צו דער ערד אַראָפּגעלאָזט און רעדט נישט אַרויס קיין וואָרט, ווי ער וואָלט מוירע האָבן מאַפסיק צו זיין.

שפּילריין ווייסט פון זיין טעווע, דייכעסעס, אַז ער האָט פֿיינט אַן אומזיסט וואָרט, שווייגט ער דעריבער אויך. דייכעס רוקט צו אַ טישל צו זיין ווירטס בעט. ער שטעלט אַוועק צוויי דיקע ליכט. ער זעצט זיך דערנעבן אַף אַ נידעריק קליין ביינקעלע און בינדט פאַנאַנדער דעם לייוונטן זעקל.

מ׳ציילט לאַנג, לאַנג. דייכעס לייגט קופּעלעך גאָלד צו גאָלד, זילבער צו זילבער און פּאַפּיר צו פּאַפּיר. שפּילריין ליגט אַף אַ זייט. ער האַלט אַ גלאַנציקע שער צווישן בלוילעך־פאַרשטייעטע פינגער. ער שנײַדט צו שטיקלעך גלייכע פּאַפּיר. ער פּאַקט איין די צוזאַמענגעלייגטע גאָלד און שרייבט אויף קרומע ציטערנדיקע ציפער׳ן. זיי זיצן לאַנג, לאַנג. זיצן ערנסט מיט נאַקעטע פליכע שאַרבנס קעגן גלאַנציקן שיין פון ליכט און גאָלד און ריידן קיין וואָרט נישט אַרויס, ווי זיי וואָלטן אַ הייליקע און סוידעסדיקע אַוואוידע געטאָן.

נאָר דאָס איז בלויז איינציקע שאָ אין וואָך. אַז דייכעס גייט אַוועק, קריכט שפּילריין אַרויס פון בעט, ער שליסט איין די פּעקעלעך אין פייערקאַסע און הייבט זיך אָן דעם שליסעלע אַפּן האַלז. און דערנאָך גייען אַוועק לאַנגע, לאַנגע נאַכטיקע שאָען, פּוסטע און שלעפּערדיקע, ווי אַ נישטיקע אייביקייט. דער טויער איז נאַכטיק געשמידט, נאָר שטילקייט אַליין שעפּטשעט מיט מאָדנע אומבאַשטימטע קלאַנגען פון אַלע ווינקעלעך אַרויס. אין דיקע ווענט רוישט, גלייך זיי וואָלטן זיין הויל און זאַמד אין הוילקייט געשיט. אין ווינקעלעך ראַצט, ווי הינטער טאַפּעטן, צווישן וואַנט און פּאַפּיר, וואָלטן שאַרפֿע נעגל געקראַצט. שפּילריין טאַפּט מיט פאַרשטיינערטע פינגער בײַ צעקנייטשטער ברוסט און האַלז. נאָר די ביינער וואַקסן בײַ אים אַזוי בוילעט אַרויס, אַז זיי דערשלינגען אין זיך די דינע דראָבנע פּערעלעך.

ער דרייט אויס די קאָפּ צו איזאַקס זייט, נאָר לאַנגע פּעטע שאָטנס האָבן זיך אויסגעלייגט אַרום אים, ווי באַשעפענישן, און פאַרשטעלן אַלץ הינטער זיך. און שפּילריין נעמט אַרויס ביינערן שקעטעלע און קלאַפּט. ער קלאַפּט שיטער, פּאָרזיכטיק, נאָר יעדער קלאַפּ רופט אַרויס מאָדנע אָפּגעהאַקטע ווידערקוילעס אין אַלע פּוסטע כאַדאָרים. איבערגעשראָקענע מייז לויפן גיכער צו זייערע לעכער. פּעטבייכיקע שפּינען פאַרוקן זיך אין זייערע ווינקעלעך. שפּילריין דערשרעקט זיך פאַר אייגענעם קלאַפּן, בינדט ער אַרום די גומענע וואַרימפלעשער אַרום פיס און קריכט מיט וואַקלענדיקע טריט פון בעט אַרויס.

ער בלאָנקעט איבער גרויסן, שאָטנדיקן צימער. ער שלאָגט זיך אָן אַלע מאָל אָן עפּעס אַנדערש און קריכט אַף שפּיץ פֿינגער צו איזאַקס סאָפּקעלע. ער וויל אים זען. אָנקוקן זיין פּאָנים בלויז און צוריק גיין. נאָר איזאַק האָט זיך אַזוי איינגעטוליעט אין קאָלדרע, אַזוי זיך פֿאַרקנוילט, אַז מ׳זעט אים גאָרנישט נישט אַרויס. שפּילריין רייסט מיט שפּיציקע פינגער אין קאָלדרע. ער קלעמערט זיך מיט געשפּאָלטענע נעגל אין איזאַקס רונדע מיידלערישע אַקסלען און וועקט מיט אָנצייניקן קאָל:

— איזאַ־אַ־אַ־ק, דו ביסט עס, איזאַ־אַ־אַ־ק?..

— איזאַק, שטעק אַרויס די קאָפּ, איזאַ־אַ־אַ־ק...

## II.

— אַ, אַ, אַ, אַ גוטן מאָרגן אייך, הער שפּילריין!..

— בע, בע, בע, אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר, מענטשן האַרציקע...

— אַ גוטן אופשטאַנד אַף אייך, הער ווירט...

— כע, כע, כע, דאַנקע שיין, מענטשן טייערע, דאַנקע שיין...

— געפּאַטערט אַ ווינטער, פּאַניע שפּילריין?..

— כע, כע, כע, אַריינגעכאַפּט, גילדענע, ווי מיט די הענט, אַריינגעכאַפּט...

שפּילריין שטייט אין מיט פּירקאַנטיקן הויף זיינעם. ער נויגט זיך פון אַלע זייטן און טאַפּט מיט פינגער באַ דער גרינלעכער נאַפּאָלעאָנקע לעקאָווער זיינע לאָקאַטאָרן.

מ׳גריסט אים פון אַלע זייטן.

טאָמיד באַווייזט ער זיך אין הויף צוזאַמען מיט זון און לופט. טאָמיד, בעאיים ס׳שמעקט אין דרויסן מיט נייעם זמאַן, מיט שיינעם ערעוו=פּייסעך און מיט כאַלוימעדיקע קנאָס=מאָלן. ער איז אַפילע אָנגעטאָן ווינטערדיק. באַ אים איז אַ לאַנגע וואַטענע קאַפּאָטע, וואָס האָט געלן פוקסן=פעלין אַרום די זוימען און אַרבל. זיינע דאַרע פיס זיצן לויז אין טיפע קאַלאָשן, אַרומגענייטע מיט ווייסע באַרנקעס, און דער האַלז איז אינגאַנצן פאַרהילט אין אַ האָריקן שאַל ביז איבער די אויערן. נאָר פונדעסטוועגן באַגעגנט מען אים, ווי אַן אָ:זאָגער פון זומער. דער הויף איז אַ הויכער, אַ פינפשטאָקיקער. זומער=פייגל פליען דאָ זעלטן אַריין. און מ׳באַגעגנט שפּילריינען, ווי דעם ערשטן בושל אַף דאָרפישן שטרויענעם דאַך.

אין פירקאַנטיקן שטיינערנעם הויף טומלט זיך. פאַרקאַלכטע מאַליאַרעס קריכן אַרום איבער הויף. זיי שרייען אַרוף מיט רויע עכאָדיקע קוילעס צו אומזעבאַרע בוידעם=שטיבלעך און ווערן פאַרפאַלן צוזאַמען מיט זייערע ווידערקוילעס. דאַרע גאַליצישע גאָאים מיט פעטע מאַלבושים בלאָנקען פויל איבער שפּיציקע שטיינער. זיי טראָגן אַף אַקסלען פייסעכדיק אויסגעוויסטע פאַנען און ריינדלעך און זינגען מיט מעלאַנכאָלישן טאַטרע=קאָל:

— ראָנדעל...

— ראָנדעל...

אַפילע אַ שטיק שטויביקע זון האָט זיך דורכגעריסן דורך דיקע שטיינערנע מויערן, האָט זיך אויסגעלייגט נעבן סמאָלעדיקן מיסטקאַסטן און באַלייכטן אַ באַנדע אויסגעקראָכענע הינט און קעץ און אַ רעדל טאַנצנדיקע קינדער. שפּילריין שטייט אין מיט הויף. ער צעציט שמאָלע אויגן אַף ברייטן כאָלאָל און שטיקט זיך אין זיך מיט זיין דראָבנעם הוסטל, וואָס איז שווער צו וויסן, צי ער שמייכלט, צי ער זיפצט.

ער האָט איצט אַן אופגאַבע פאַר זיך. ער דאַרף וויזן זיינע שכיינים אין הויף, אַז כאָטש ער זעט זיי אַזוי ווייניק, כאָטש ער איז אָפּגעלעגן גאַנצע זעקס כאַדאָשים אין בעט, געדיינקט ער זיי פונדעסטוועגן, געדיינקט ער זיי יעדן באַזונדער. און ער שטייט אין מיט רעדל פון מענער, ווייבער און קינדער. ער קוקט זיך איין מיט שמאָלאויגיקן בליק אַלעמאָל אין אַן אַנדער פּאָנים און טרעפט מיט צופרידנקייט:

— כע, כע, כע. גרינוואָרצל פון פערטן שטאָק, אַ בייטלמאַכער, ניט וואָר, טייערע?..

— עמעס, הער ווירט — זאָגט די גאַנצע רעדל און וואַרט אומגעדולדיק ביז שפּילריין וועט זיך אויסהוסטן פון גרויס טיינעג.

— און זי, מאַדאַם, גלוסקער דעם היטלמאַכערס אַלמאָנע, ניט וואָר, גילדענע?..

— וואָר, הער שפּילריין.

די רעדל ווערט אַלץ גרעסער. קינדער פליען פון פינף שטאָק טרעפּ מיט איין מאָל און שטעלן זיך אַף שפּיץ פינגער, קעדיי כאַפּן אַ בליק אַף שפּילריינען און איזאַקלען. איזאַק שטייט זיך אָנגעבלאָזן און רויטלעך, ווי טאָמיד. אין איין האַנט האַלט ער אַ שטרויען=געפלאָכטן טעפּיכל, גרייט טאָמער ווערט אַמאָל פייכט די ערד, אונטערצולייגן פעטער מאָריץ אונטער פיס. אין דער אַנדער האַנט האַלט ער אַ געשטריקטע טאָרבע, פול מיט קיכעלעך און פלעשלעך מילך, טאָמער פאַרכאַלעשט פעטער מאָריץ די האַרץ. שפּילריין בויגט זיך

אַראָפּ צו קליינוואַרג. ער קנייפּט מיט שטײפע פינגער אין ווייך־פּוכקע בעקלעך און שטיקט זיך פון טיינעג:

— כע, כע, שיילסט גוט דעם טונך פון די מײערן, דו שפּיצבוב איינער...

קינדער האַלטן זיך קוים איין נישט אַרויסצולאַכן. זיי געפעלט שטאַרק שפּילריינס היילעך, דער וואָרט „שפּיצבוב" און זיי קנייפּן זיך פּאַר אַ סגולע נישט צו לאַכן. עס איז עפּעס גוט אין הויף. די זון שיינט. די קייטיקע בערג שניי זיינען אַרויסגעפירט. און אַפילע יוזעף דער סטרוזש, וואָס יאָגט זיך טאָמיד מיטן בעזים נאָך די קינדער, האָט זיך אויך אַוועק־געשטעלט האַכנאָעריק אָן אַ זייט. ער האַלט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן בעזעם. אין דער אַנדער האַנט האַלט ער פּאָרזיכטיק דעם שמעק־טאַבאַק, וואָס דער באַלעבאָס זיינער האָט אים מעכאַבעד געווען, און רירט עס צו פּאָרזיכטיק צו זיינע פּאַריסענע גרויסע נאָזלעכער, ווי ער וואָלט זיך נישט פאַרגינען אינגאַנצן מיט אַמאָל אויסצושמעקן. אַפילע דייכעס דער פּאַרוואַלטער, וואָס רעדט קיינמאָל נישט קיין וואָרט, אַכוץ מאָנען דירע־געלט — אַפילע ער שטייט אויך איצט און רעדט. ער קוקט שפּילריינען אין מויל. און יעדן מאָל, וואָס דער ווירט זיינער פאַרגעסט זיך אָנרופן אַ שאָכן, זאָגט ער אים שטיל אונטער, ווי אַ מעלאַמעד באַם פאַרהערן:

— לענטישנער פון קעלער, אַ קאַסטנמאַכער...

— בעדער פון דער רעבטער אָפּיצינע, אַ טאָקער...

שפּילריינס הויף הייבט זיך אָן פילן היימיש, צופרידן, ־ אַזוי, אַז ס'פאַרגעסט זיך גאָר, ווער באַלעבאָס און ווער לאָקאַטאָר. דער הויף ווערט עפּעס אַ שוטפעסע זאַך, אַ זאַך פון ראַבים, און די גאַנצע גערדיכטע רעדל איין מענטש, איין צופרידן באַשעפעניש. נאָר אָט גיט עפּעס אַ האַסטיק און אַ סאָפּנדיק אַ שנייד אַריין זיך אין רעדל, שפּרייטנדיק אַרום זיך הייסן פאַרשטיקטן אָטעם און עגבערדיקן קוויטש. און די רעדל צעשפּריצט זיך אין אַלע זייטן, ווי אַ באַנדע אויפעס פון אַ געוואָרפן שטיינדל.

— זי האָט אים געפאַקט, קיילע — מורמלט יעדער שטיל און קוועטש זיך אין די דיקע ווענט, זען, וואָס ס'וועט אַרויסקומען.

דאָס איז אַן אַלטע געשיכטע, ווייסט דער הויף. זינט דער מאַן קיילעס איז אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון שפּילריינס גערלאַטעטן דאַך און זי איבערגעלאָזט, קיילען, אַן אַלמאָנע מיט קינדער, — זינט דעמאָלט פירט זי פּראָצעסן מיט דייכעסן דעם הויז פּאַרוואַלטער און צאָלט אים נישט קיין דירע־געלט פון קאַמע יאָרן אַהער. דייכעס ווייסט, אַז ער איז גערעכט. ער האָט אָפּגעצאָלט אַלע קאָסטן, וואָס דער געריכט האָט געפּאַסקנט. און יעדן כוידעש ווערט אים נישט מיעס צו ברייננגען אַף ס'ניי דעם קאַמאַרניק מיט פּאָליציי און וואַרפּט איר אַרויס די צעפּאַלענע בעטן מיטן פאַרפוילטן פאַרדומפּענעם שטרוי. ער פאַרליינגט אַ שווערן שלאָס אַף באַפאַרייטן קעלער און גייט זיך צופרידן אַף שפּיץ פינגער אַוועק. נאָר איידער ער באַ־ווייזט זיך, איז שוין פון שלאָס קיין זייכער נישטאָ און קיילע שלעפּט דעם שטרוי אין קעלער.

לעצטנס האָט ער קענגן איר אָנגענומען אַ נייע טאַקטיק. ער האָט איר שווייגנדיק געלאָזט אַרויסנעמען טיר און פענצטער, שווייגנדיק געלאָזט אַראָפּדרייען דעם קראַן פון וואַ־סער און רואיק זיך אַוועק. דער הויף האָט דעמאָלט באַוואונדערט:

— אַף אַזאַ איינפאַל — האָט מען געזאָגט — קאָן נאָר פאַלן דייכעס.

נאָר קיילע האָט אויך אָנגענומען אַ נייע טאַקטיק. יעדן פרימאָרגן, מיט טאָג צו־גלייך, האָט זי גענומען אַלע קינדער מיט זיך. זי האָט זיך אויסגעשטעלט מיט זיי הינטער שפּילריינס פּעל־גדעקטער טיר, און געהייסן אַלע קלאַפּן מיט פויסטן און ניט אופגעהערט שרייען עטלעכע פאָר ווערטער, ווי אַ כאָזן מיט מעשוירערים:

– לאָזט אַריין, גזלנים...

– אַריין לאָזט, מערדער...

אין הויף האָט מען פֿון איר געלאַכט:

– קיין מענטש האָט מען נאָך דאָרט נישט אַריינגעלאָזט, קיינעם נישט...

זי האָט טאַקע אָנגעהייבן פֿאַרלירן איר האָפֿענונג צו „אים“ אַליין זיך צו דערשלאָגן. אַף אַלע אירע קלעפּ האָט מען קיין וואָרט נישט געענטפערט, ווי פֿון אַ קייווער אַרויס, און זי האָט זיך באַזעצט אָן טיר און פענצטער. איצט האָט זי אים געפּאַקט. אין סאַמע מיט הויף געפּאַקט און זי לאָזט אים נישט אַרויס. מיט איין האַנט האַלט זי אים פעסט באַ ביידע פוטערנע לאַצן. מיט דער צווייטער האַנט ווייזט זי אַף אַ ווינקל-קעלער מיט הײלע פֿענצטער-לעכער, ווי מיט אַ פּאָר אויס-ערונענע אויגן – און זי רופֿט מיט אַ זיכער שטריינג קאָל, ווי אַ ריכטער:

– אין מיין „קייווער“ קומט מיט מיר...

– אין „קייווער“ קומט...

אַ צייט בלייבט הויף שטום. אַלע קוקן שווייגנדיק, ווי שפּילריין שטייט געפאַנגען אין קײלעס הענט און מורמלט מיט ווייסע ליפּן:

– צו אים, טייערע, צו דייכעסן...

– צו אים, גילדענע, איך מיש זיך נית.

מ'זעט, ווי שפּילריינען כאַפּט באַלד דער הוסט, ווי ער שפּייט אין פלעשל פּינקטלעך און לאַנגזאַם, ווי ער קוקט מיט איין אָפֿן אויג אינעווייניק, ווי ער טאַפּט לאַנג באַם פּראָפּן, צי ער איז גוט פאַרשטעקט, און מ'האָט מוירע זיך אַ ריר צו טאָן, ווי מ'וואָלט אים געקאָנט שטערן אין זיין שווייגנדיקער אָנגעשטריינגטער אַרבעט. ערשט אַז ער ווישט אָפּ די ליפּן און עפנט אינגאַנצן זיין אָנצייניק מויל – ערשט דאַן כאַפּט זיך יוזעף ראַנגלען מיט קײלען און דייכעס לאָזט זיך לויפן רופן אַ דראָזשקע, מאַציל צו זיין זיין באַלעבאָס. אַ צייט קוקט יעדער, ווי קײלע רייסט זיך באַ יוזעפס לאַנגע אַראָפּהײנגעדיקע וואָנסן, און ווי ער הייבט זי באַם גרויסן פאַריסענעם בויך. נאָר אַז איזאַקל לייגט אונטער דעם שטרויענעם טעפּיכל אַף דער אַריינגעפֿאָרענער דראָזשקע און זעצט זיך אַריין צוזאַמען מיט פעטער מאָריין – ערשט דאַן כאַפּן זיך די זאָקנמאַכערינס און פאַפּיראָסניצעס, אַז דאָ איז געשען עפּעס קאָמישעס. רוקן זיי זיך אַריין אין די מויערן און שרייען פֿון אַלע זייטן:

– איזאַקל, ווילסט מיך פאַר אַ קאַלע?..

– איזאַקל...

שפּילריין פאַרהילט זיך נאָך טיפער, ער זאָל די קוויטשיקע קוילעס נישט דערהערן און הייסט דעם קוטשער אויפשטעלן די לעדערנע בויד.

אין דרויסן איז וואַרים, מילד. זון שיינט איבער גאַנצן הימל. זי קריכט אונטער טריט פֿון מענטשן, אונטער פּאָדקאָוועס פֿון פערד, און פרייט זיך גלייך מיט געגילטע קופּאָלן, ווי מיט פעטע רינשטאָקן. מענטשן פרישע, גרינגע שוועבן לייכט איבער גאַסן און שטראַלן מיט באַנייטער יונגקייט אין די אויגן. נאָר שפּילריין הילט זיך אַלץ טיפער אין שאַל, אַזוי, אַז בלויז זיין שפּיץ געבויגענע נאָז שיינקט ער העלער וועלט. ער שטאָרקעט קעסיידער מיט שפּיציקע פינגער אין בלויער קוטשערישער פלייצע און שטיקט זיך:

– גיכער, האַרציקער, גיכער...

גאַסן זיינען פול. טראָטואַרן געפּאַקט, און מענטשן פאַרהאַלט פערד זיין גאַנג. שפּילריין זיצט אומגעדולדיק אַף שאָקלענדיק געזעסל. ער קוקט מיט פינצטערן בליק אַף העלער גאַס און פיינלעכע געדאַנקען נאָגן אים אונטער טיפן גריבל פֿון האַרץ:

— אַ וועלט, דוכט זיך, מיט בלויז געזונטע, שטאַרקע, און פאַרנומען זיך אַף אים, אַ מענטש אַ מעסוקן, אַ מענטש אָן לונגען.

— אַפילע דעם וועג פֿאַרשטעלט מען אים...

---

אין אַ קנאַפער האַלבע שאָ שפּעטער זיצט שפּילריין אין גערטל פֿון בירזשע און פילט זיך צוריק גוט און רואיק.

די בירזשע האָט אים באַגעגנט פייערלעך. סאָברים האָבן זיך פֿון אַלע טישלעך אופֿגעהייבן און אים געפּאַטשט אַקעגן מיט די הענט:

— ווילקאָמען, הער שפּילריין...

און שפּילריין זיצט שמייכלענדיק באַם געלבלעך־מאַרמאָרנעם טישל. ער האַלט די פֿיס אַף אונטערגעלייגטן שטרויען־טעפּיכל און שיינט פון זיינע טיפֿע קנייטשן אַרויס.

אים איז גוט. דער באַלעבאָס פון קאַפֿע האָט אים געלאָזט אָנוואַרימען די פלאַש מילך זיינע און ער זופּט אַ שלוק נאָך אַ שלוק. די ערד איז טרוקן. ער האָט שוין עטלעכע מאָל געפּרואווט עגבערן מיטן שטעקן און ס׳פילט זיך נישט קיין פייכטקייט. אַף הימל זעט זיך קיין וואָלקנדל ניט און די סאָברים האָבן פאַרלאָשן אין מיט רויכערן זייערע ציגאַרן און פֿאַריאָגט מיט די טיכלעך דעם רויך פון אַרום אים. און ער ציט אַריין אין זיך פולע אָטעמס לופט און כאַזוערט זיך צופֿרידן:

— כע, כע, כע, נאָך אַ ווינטער אַריינגעכאַפּט, האַרציקע...

— כאָ, כאָ, כאָ, ווי מיט די הענט, אַריינגעכאַפּט...

אין קאַפֿע קאָכט. אין דרויסן שמעקט מיט טערקישע ניס, מיט פֿאַרשימלטן פּאַס פון וויין און מיט כאָסן־קאַלע מאַטאָנעס. און שוואַרצע יונגעלייט, פלינקע און באַוועגלעכע, באַדעקן געדיכט די טישלעך, ווי זשוזשענדיקע פליגן אַרום אַ פֿעטן מייכל.

שאַכטעלעך פֿאַרמאָגט דאָ יעדערער. קליינע פּירקאַנטיקע שאַכטעלעך מיט בלויען, רויטן און ווייסן אַטלעס געבעט. אין יעדן פֿון זיי נעסט זיך עמיצנס אַן אויצער. באַהאַלט זיך קאַלעס אַ גליק. ווערטפֿול זיינען די אויצרעס, נאָר קליין, אַזוי קליין, אַז מ׳קאָן זיי פון צווישן פֿינגער אַרויסלאָזן. און יעדער טראָגט דאָ אַ רונד שפּאַקטיוול אַף רעכטן אויג. אַ שפּאַקטיוול פאַר אייגן גליק און פאַר פֿרעמדן אומגליק.

מ׳קאָן זיי נישט האַלטן באַ זיך, די אויצרעס. איינער מוז זיין גליק פֿאַר צווייטן באַווייזן. ווי עמיצער לאָזט נאָר אַרויס זיין גליק פון האַנט, גלאַנצן דערצו הונדערטער שוואַרצאַפּלען אַקעגן. נאָך איידער איינער באַווייזט זיך רעכט מיט העלן גלאַנץ אָנזעטן — כאַפּן עס אים שוין אַנדערע פֿון די אייגן אַרויס. קליין איז דער אויצער, נאָר גרויס זיינען גלאַנציקע אויגן אַרום. צווישן האַנט און האַנט קאָן עס פֿאַרכאַפּט ווערן. און פֿלינק זיינען שוואַרצע בליקן באַ געצירטן רעדל. איינער פאָרשט נאָך צווייטנס באַוועגונג און גיט אַכטונג מיט פֿאַרגרעסערט גלאָז אַף העל וואַנדערנדיקן גליק.

שפּילריין זיצט אַרומגערינגלט צווישן סאָברים. ער קוקט מיט דורכדרינגלעך אויג אַף רירעוודיקע יונגעלייט און אַ גרין קאָטעריש פייערל גלאַנצט אין זיינע פֿינצטערע אייגן. ער קאָן זיי דאָ קאַמאַט קיינעם נישט. ער דער עלטסטער סויכער. דאָס זיינען אַלץ נייע פאַרשוינדלעך. גאָלדשמידן אופגעקומענע, זייגערמאַכערס און סטאָס קוועקזילבערדיקע מענטשעלעך, וואָס כאָלעמען וועגן פלוצלינגער אַשירעס און געקומען אַהער צווישן אָפּגלאַנץ פון גאָלד און שטיינער זייער גליק צו געפינען. שפּילריין קוקט מיט גרינעם בליק און אַדראַבעגעלעכטערל שטיקט אים מיט אופרעקונג און האַנאָע גלייכצייטיק.

– כע, כע, כע, – לאַכט ער צו בעקאָוועדיקע סאָברים אַרום זיך – כע, כע, האַרציקע, מ׳וועט אונז שוין באַלד גאָר פֿון דאַנען אַרויסטרייבן...

– כע, כע, כע, טײַערע, מ׳דאַרף זיך גאָר עפּשער נעמען זייפן.

– זייפן?..

שפּילריין באַרירט מיט שטײַפע פֿינגער שבײַנישע קניען, אַ סימן, אַז ער וויל ריידן. און סאָברים זעצן זיך אַרום געדיכטער, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן פֿאַרשטעלן פֿון נײַעם דאָר פּריצלעך. שפּילריין הוסט זיך אויס עטלעכע מאָל און דערציילט לאַנגזאַם און שטיל, ווי מ׳ציילט פּערעלעך.

פֿון אַמאָל דערציילט ער. בעאיים ער פֿלעגט נאָך זײַן דער פֿאַרברענטער צירונג-הענדלער און געפֿאָרן פֿון יאָר צו יאָר קיין אַמשטערדאַם נאָך רויע סכוירע, די בירזשע איז נאָך דעמאָלט געווען נעבן די דרײַ מלאָכים. סאָברים זײַנען געווען געציילטע, און ער, שפּילריין, האָט דאָס דעמאָלט אָפּגעמאַכט באַ סאָברים, מ׳זאָל קיין נײַע ניט צולאָזן צום מיסכער. שוין לאַנג, לאַנג איז עס געווען. קיין איינער פֿון די הענדלער איז שוין נישטאָ אַף דער וועלט. און גאַנץ קרוין-פּוילן איז באַ זיי אין די הענט געווען. פֿאַרוואַלגערט זיך די שענסטע פּערל באַ אַלטע גרעפֿינס. די בעסטע שטיינער באַ אַקטריסעס און קאָקאָטעס. נאָר פֿון אַלץ האָבן סאָברים געוווּסט. אַלץ איז געווען אָפּגעשאַצט, אָפּגעוואויגן. און אַז ס׳האָט זיך ענדלעך באַוויזן אַף ליציטאַציע אָדער צום פֿאַרקויף, איז עס געווען אַ געריכטע זאַך, ווי מ׳וואָלט אײַגנס אָפּגענומען.

– וואָרום אַ שטיין, גילדענע, האָט ליב דעם מיוון, ווי דער מיוון דעם שטיין. ער וואַנדערט פֿון האַנט צו האַנט און קומט דערנאָך צוריק צו אַ סויכער אין האַנט.

סאָברים הערן זיך אופמערקזאַם צו צו שפּילריינס ווערטער און טוליען זיך נאָך מער צו. אויך דעמאָלט, דערציילט שפּילריין, האָבן מענטשן נישט פֿאַרגונען און געוואָלט אַרײַנקריכן אין מיסכער. קומען פֿלעגט שטענדיק אַזעלכער מ׳קלוימערשט קויפֿן צירונג, נאָכפּרעגן זיך נאָך אַ רעכט שטיינדל. נאָר סאָברים האָבן שוין געהאַט דערצו אַן אײגענעם מענטש. אַ גאָלדשמיד אַ שיקער און אים מיט די רעכטע שטיינער אַרויסגעשיקט. שפּעטער פֿלעגט אַזאַ מין יונגערמאַן נישט אָפּטרעטן פֿון קאָפּע פֿון פּרי ביז נאַכט. ער האָט זיך נאָך אַלץ נישט געקענט צוגלויבן, אַז אין אַטלעסן פּודעלע ליגט באַגראָבן זײַן נאַדאַן. און ער פֿלעגט עס שעמעוודיק עפֿענען אַלע מאָל פֿאַר אַן אַנדערן און וואַרטן מיט אײַנגעהאַלטע-נעם שרעק. סאָברים פֿלעגן לאַנג באַטראַכטן די גרינלעכע גלעזלעך אין אַטלעס געבעט און אים באַדויערן:

– כע, כע, כע, האַרציקער, מ׳האָט אײַך אָנגעזייפט...

אין קאַפֿע טומלט זיך. עפּעס אַ פּראָווינצער געפּאַקטער כאָסן-באָכער איז געקומען מיט זײַן קאַלע איר קויפֿן צירונג. אינדערהיים איז דער באָכער דער ערשטער סויכער פֿון טוואַוע, דער בעסטער מיוון אַף פֿערד. נאָר ער איז געוואָרן אַ כאָסן און מוז קויפֿן קאַלע-מאַטאָנעס. און ער שטייט מיט שרעק און בושע אין זײַן געזונטן פּאָנים און קוקט מיט הילפֿלאָזע בליקן אַף גלאַנציקע שפּאַקטיוולעך, וואָס האַלטן אים אין נעץ. עפּעס אַ יונגע דאַמע איז דאָ אַרײַנגעקומען. אַ שפּילקע האָט זי, אַ קליינע שפּילקע, וואָס זי וואַרימט אַף קלאַפּנדיק האַרץ. זי פֿאַרטרויט זיך שטיל און שעמעוודיק, ווי זי וואָלט זיך אַליין פֿאַרלייגן. נאָר אָט שטייט זי שוין פֿאַרפּלאָנטערט צווישן שפּאַקטיוולעך און זי זעט, ווי איר לעצטע טרייסט – נאָך וואָרים פֿון איר לײַב – גליטשט זיך פֿון איין פּאָר הענט אין די אַנדערע, גלאַנצט פֿון איין פּאָר אויגן אין די אַנדערע, גליטשט זיך אַלץ מערער און ווייטער, אַז אָט, אָט, פֿאַרלירט זי עס פֿון אויג.

דער טומל איז גרויס. נאָר שפּילריין קוקט זיך מער נישט אום דערוף. אפילע איצט, בעאיים ער איז גאָר ווייט פון האַנדל, בעאיים ער איז אַ מענטש אַ מעסוקן, אַ מענטש אָן לונגען, ווען מען נאָך אויך באַ אים געפינען עטלעכע שנירלעך פּערל, פּאַר וועלכע ער וועט די גאַנצע בירזשע אָפּקויפן. כע, כע, כע... פאַראַן באַ אים אַ שטיין, וואָס מ׳וועט אים אין גאַנץ קרוין־פּוילן נישט געפינען, און עפּשער אַמאָל אין אַמשטערדאַם אויך נישט. ער ווייסט, אַז קיינער וועט דאָ נישט קויפן. נאָר נישט דאָס דאַרף ער. ער זיצט צווישן סאָכרים עלטערע און ער וויל ווייזן:

– זעט אַקאָרשט, וואָס שפּילריין האַלט...

– וואָס באַ שפּילריינען פאַרוואַלגערט זיך.

סאָכרים ווערן ערנסט, סוידעסדיק, ווי מ׳וואָלט עפּעס גאָר אַ וואונדער געדאַרפט באַווייזן, און מ׳טוט אָן באַצייטנס שפּאקטיוולעך אַף אויגן. שפּילריין צעקנעפּלט צום ערשט די קאַפּאָטע, דערנאָך די וועסט און פּאָרעט זיך מיט פאַרשטאַרטע פינגער אַף היילן לייב. ער טוט שווייגנדיק, לאַנגזאַם, פון גערולד אַרויסצוברייננען. ענדלעך עפּנט ער פּאָרזיכטיק אַ פּאַפּירל, הייבט אוף די האַנט אינדערהויך און גיט אַ בליק פון בלויע פינגער אַרויס:

– כע, כע, כע, האַ?..

– – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – – –

אַ ווײַלע הערשט א פאַרגליווערטע שטילקייט. סאָכרים גיבן זיך נאָר אומווילנדיק אַ באַוועג אַף צוריק און קאָנען ניט אויסהאַלטן שפּילריינס דורכדרינגלעכן בליק, ווי זיי וואָלטן זיך שעמען, שטארק שעמען פאר אים. נאָר אַז שפּילריין דערזעט אַרום זיך אַ רעדל רירעוודיקע יונגעלייט, גיט ער האַסטיק אַ לאָז אַראָפּ די האַנט און גיט אַ נערוועזן ציטער.

ער האָט דערזען זיין אויצער אין עטלעכע צענדליק שוואַרצאפּלען. און אים האָט זיך אָנגעהייבן הודיען אונטער טיפן גריבל פון האַרץ...

III

יעדן פרימאָרגן, ווי נאָר זון רייסט זיך דורך די שטאָרן פון שפּילריינס פענצטער און באגילט דיקן שטויב אין שטוב – אין דער צייט שטייט שוין שפּילריין איינגעבויגן איבער איזאקס סאָפקעלע און רייסט פאַראַקשנט די קאָלדרע.

– אנו, פּעפער, געננג..

– אנו, פוילענצער, שטיי אוף...

ער איז שוין אוף פון לאנג, שפּילריין, מיטן ערשטן פייף צוגלייך. ער האָט שוין אליין זיך אופגעזאָטן מילך, איבערגעלייענט שוין אפילע אַ גאַנצן אַקט „נאַטאַן דער ווייזע״ און אויסגעהערט אלע נייע פאַבריק־קוימענס. ער קאָן זיי גוט די וואַרשעווער קוימענס. ער ווייסט יעדן, וועמען ער געהערט, און ער דערקענט קאַמאַט יעדן לויטן פייף און רופט אים אָן באַם נאָמען.

– „סמאָליאַר״, שטענדיק דער ערשטער...

– „ווייגער״, טאָמיד אַ פּעפער...

איזאַקן טשעפּעט ער אויך נאָך נישט. אין דער צייט ליגט דער טוי איבער גאַסן, די לופט איז אָנגעזאפּט מיט פייכטער, גרינלעכער זאַפּטיקייט. און שפּילריין האָט מוירע דעמאָלט גיין אין גאַס. איצט האָט שוין די זון לאַנג אופגעשיינט. שוין צייט אריינגיין אין זאקסישן גאָרטן טרינקען מינעראַל־וואַסער. און ער מ׳סערט דעם פּאַר־שלאָפענעם מעשאָרעסל מיטן פּאָסיק פון מישלע אין מענדעלסאָנס איבערזעצונג:

— אָציִיל, אָציִיל, פּוילענצער,
ווילאַנג דען נאָך, ווירדסט דו שלאָפֿן...

וואַרשעווער גאַסן זיינען שוין אין פולער אָנגעשטריינגטער באַוועגונג. איבער פּרישע אויסגעקערטע טראָטואַרן איילן יונגעלייטלעך און מיידלעך אָן אַ שיר, גרייט מיט קליינע פּעקעלעך שפּייז אין האַנט און מיט אַ גרייטן „פּאַרדאָן" אין מויל פאַר יעדן, וואָס מ'וועט אנשטויסן אין וועג.

דאָס זיינען אַרבעטער נישט פון פאַבריקן. יענע זיינען שוין לאַנג צווישן פאַרויכערטע הודיענדיקע פאַבריק־ווענט און, ווער ס'האָט אַ ווילע פאַרשפּעטיקט, האָט געטראָפן אַ גרין פאַרשלאָסן טירל פאַר די אויגן, אַ שוואַרצן „איינגאַנג שטרײַנג פאַרבאָטן" און דערפילט זיך אַן איבעריקער אף גאָטס וועלט.

דאָס איז אַ צווייטער מין אַרבעטער. אַרבעטער פון ווערקשטאַטן און מאַגאַזינען. זיי ווערן נישט פאַרשריבן באַם קומען און נישט אַרומגעטאַפּט באַם אַוועקגיין. צוליב דעם טאַקע האָבן זיי ליב שפּאַצירן ביז שפּעט אין נאַכט און אויסבאַהאַלטן זיך מיט זייערע געליבטע אין שטאַרק טונקעלע אַלייען. אינדערפרי פאַרשפּעטיקן זיי ס'ראוו אף אַ גאַנץ פערטל שאָ, און באַגעגענען זיך אַף טריט און שריט מיט שווייגנדיקע, רואיקע און פּינקטלעכע זייגערס. זיי האָבן פיינט די שטאָטישע זייגערס. פיינט זייערע פּינקטלעך־אויסגעשטעלטע שאָען, מינוטן און סעקונדעס. און זיי יאָגן זיך איבער געדיכטע טראָטואַרן און שיקן זיך איינס ס'אַנדערע נישט דערזאָגטע „פּאַרדאָנס", כאָטש איינער פאַרשטייט דעם צווייטן און איז זיך אָן דעם אויך גערן מויכל.

שפּילריין קריכט לאַנגזאַם איבער גאַס. ער שיקט פאַרויס זיין ווייס ביינערנעם שטעקן, נאָך זיי די שפּיציקע קניען, און לאָזט פון צייט צו צייט אַ נישט צופרידן הוסטל אין מאָרגנדיקער לופט. ער פילט שוין פריער אויס, אַז זיי וועלן אים סאָף־קאָל־סאָף אָפּטרעטן אַ פוס, אָט די דאָזיקע לייכטע פראַנטלעך. און ער שפּעט זיי נאָך אַפן קאָל:

— פּאַר־ר־ר־רדאָן...

— פּאַר־ר־ר־רדאָן...

אַז ער קומט צו צו די טויערן פון זאַקסישן פּלאַץ איז ער שוין אינגאַנצן צופרידן. דאָ איז שטיל, רואיק, דאָ פאַרהאַלטן שטראָכייטן שטאָטישן טומל און לאָזן אים ווייטער נית גיין. די אַלייען זיינען אויסגעשפּריצט, אויסגעקערט. אַלע סימאָנים פון באַנאַכטיקער ליבע — פון אַ פאַרלאָרענער האָרנאָדל אַף אַ באַנק ביז אַ פאַרוואַלגערט ליבע־בריוול, אָדער אַ קלעפּיק עטיקעטל פון קאַראַמעלן — אַלץ ,איז שוין לאַנג אופגערוימט און ליגט זיך אין בערגלעך מיסט. איצט שפּאַצירן נאָר בלויז עלטערע בעקאָוועדיקע מענטשן, וואָס האָבן פיינט טומלען, אָנוואַרפן. זיי קומען בלויז טרינקען מינעראַל־וואַסער און אפילע אף דער מוזיק, וואָס שפּילט פאַר זיי, קוקן זיי אַזוי פרעמד און פאַרצייענדיק, ווי אָנגעברויגעזטע רייכע מעבוטאָנים, בעאיים קלעזמער שפּילן זיי אַ קעגן. שפּילריין שפּאַצירט זיך לאַנגזאַם איבער קנאַקענדיקע קיזל־שטיינדלעך און טאַפּט זיך קעסיידער באַ זיין אַבטקאַנטיקן אויסלענדישן קאַשקעט. מ'קאָן אים דאָ אַלע און מ'גריסט אים פון אַלע זייטן:

— גוטמאָיען, הער שפּילריין...

— שאַנאָוואַניע, פּאַניע שפּילריין...

ער האָט איצט עטלעכע אַרבעטן צו טאָן. ערשטנס, דאַרף ער אויסטרינקען עטלעכע שאָלן מינעראַל־וואַסער. צווייטנס. דאַרף ער צוגיין צום באַראָמעטער און זייגער. ער דאַרף זעען, וואָסער וועטער עס זאָגט צו און אינאיינוועגס אנשטעלן ריכטיק זיין זייגערל. כאָץ דעם האָט ער נאָך־נישט איבערגעלייענט די מאָרגן־צייטונגען און ער פילט אַ כיווו אין

זיין האַרץ. די בלעטער מוז שפּילריין אלע טאָג זען. און נישט צוליב פּאָליטיק, נישט צוליב שטאָט=זאכן, ווארום בעסאבאקל איז ער א מענטש א מעסוקן, א מענטש אָן לונגען. און ער האָט גאָרנישט קיין קויעך זיך צו פּארנעמען מיט אזוינע זאַכן. געפינען דארף ער גאָר אן אנדער זאַך. כוץ דער אָפּטיילונג פון בירזשע און היפּאָטעקן אַף דער לעצטער זייט, דאַרף ער נאָך איבערלייענען די אָפּטיילונג פון נעקראָלאָגן און טרויער=מוידאָעס. און דאָס ערשטע, צו וועלכן ער גיט א בליק, קייפנדיק די צייטונגען, איז די ערשטע בעקאָוועדיקע זייט מיט די פּירקאַנטיקע שווארצע טרויער=רעמלעך און פעטבייכיקע קוואַדראַט=אויסיעס.

לייענען נעקראלאָגן איז בא שפּילריינען שוין אַ מינהעג פון לאנג. זינט ער האָט זיך אמאָל פארקילט אין אַמשטערדאַם און געוואָרן א מענטש אַ מעסוקן, א מענטש אָן לונגען; פון דעמאָלט אָן איז שוין אפילע אריבער א סאך, א סאך יאָרן. נאָר שפּילריין איז קיינמאָל מיט זיך נישט זיכער. בא אזעלכע, ווייסט ער, דארף מ׳נאָר איין קליין ווינטעלע, איין פייכט לופטעלע, מ׳זאָל שפּילן מיטן לעבן. און ער איז צוגעגרייט אַף יעדן צופאל מיט אלעמען. בא אים אין הינטערשטן לייבל, צוזאמען מיט די ווייסע פאפירלעך רויע ככוירע, ליגט שוין א צייט דאָרט אן אָנגעשריבענער פּאַרמעט, א צאוואָע וועגן אלץ דאָס זייניקע. אַלץ איז דאָרט פארויסגעזען, יעדע קלייניקייט, יעדער מיגלעכער צופאל. קיינער ווייסט נישט זיין צאַוואָע. ער רעדט נישט מיט קיינעם און אים טוט האַנאָע פון אַלע האַשאָרעס, וואָס מענטשן זאָגן בלינד. כע, כע, כע, ער ווייסט שוין אלץ געניי, און יעדן מאָל, וואָס עס קומט צו אַ נייע נאכלע, אַ נייער מאַשקן פאר נישט געצאָלטע היפּאָטעקן, פאָרט ער טייקעף אריבער צום נאטאריוס זיינעם און שרייבט צו:

– באַם פולן געדאַנק, בא אייגענעם גוטן ווילן, באַפעל איך, איך, מאָריץ (וועל מייער) שפּילריין...

כוץ דעם איז שוין פאר אים אנגעגרייט אַ קארקע אויך. אין איינע פון די פארנטיקע אלייען פון אלטן בייסאוילעם, איינגעטונקען אין גראזן און בלומען, ארומגעצוימט מיט קאַלטן מארמאר און געשניצטן גראניט, שטייט זיך צווישן אַלע פולע קוואָרים איין איינציקער ליידיקער קייווער, אַרומגעצוימט מיט אייזערנע שטראכייטן, פאַרכאַסמעט מיט א מאסיוון איינגלישן שלאָס און אפילע מיט א מאַצייווע אוועקגעשטעלט. א שטיינערנע איז זי, די מאַצייווע, א מאנומענטאלע, ווי אלץ, וואָס שפּילריין מויערט, און אויסגעקריצט איז שוין אפילע אויך, אינדערהויך א פאָר דוכנדיקע הענט מיט א טייבעלע און מיט טיפע אויסיעס אַף העברייאיש:

„פ״נ החכם המשכיל מו״ה מאיר (מוריץ)
בן משה הכהן שפּילריין״.

און אונטן אַף פּויליש:

„פּ. ב. מאוריצי שפּילריין, קופּיעץ
אי אָביוואַטעל מ. וואַרשאווי״.

ער האָט זי אַליין באַשטעלט די מאַצייווע. אליין אַ טיטל זיך פאַרפאַסט און איבערגעלאָזט נאָר צוויי בלויזן פארן „יאָם האמיסע״, צוצוקריצן.

פון דעמאָלט אָן טאַקע איז אַכוץ זיינע הייזער און היפּאטעקן, וואָס שפּילריין האָט אין עטלעכע עקן שטאָט, האָט ער זיך אָנגעהייבן פילן פאר א באַלעבאָס פון נאָך אַ פלאַץ אין שטאט, פון אַ פלאַץ אין פאָרנטיקער אַלייע פון אַלטן בייסאוילעם. און ווי מיט אַלץ דאָס זייניקע, אַזוי האָט ער דערפאַר אויך באַקומען אַן אינטערעס. ער האָט אָנגעהייבן נאָכפאָרשן נאָך אלעם, וואָס ס׳קומט דאָרט פאָר, מיט אַלע, וואָס קלייבן זיך אַהין אַריבער. און יעדן פרימאָרגן קויפט ער די צייטונגען און זוכט מיט גיריקע אויגן אַף די שוואַרצע פירקאַנטיקע רעמלעך.

דער צעטל מיט רעמלעך איז גרויס. נאָך די ערשטע פּירשפּאַלטיקע פּעטע ראַמען גייען איינער נאָך דעם אַנדערן אַלץ קלענערע און דינערע רעמלעך. שפּילריין מוז זיי אַלע דורכלייענען און ער טוט אָן זיינע אויסגעבעטע ברילן אַף דער נאָז און לאָזט זיך צו זיין באַנק אין דער „קיניגלעכער אַליי". דאָרט זיצן אַלץ אייגענע מענטשן. אַלטע בעקאָוועדיקע באַלעבאַטים, וואָס רוען אָפּ נאָך פרימאָרגן־שפּאַציר און מינעראַל־וואַסער. דאָס זיינען טאַלמידים פון דער אַמאָליקער ראַבינער־שול, מענטשן, וואָס קאָנען אַף אויסוויינניק שילערס „רויבער", מוישע מענדעלסאָנס „ביער" און ריידן מיט אַ סאַך דייטשע ווערטער. זיי קאָנען יעדנס איכעס, יעדנס אָפּשטאַמונג און גדיינקען נאָך אַ סאַך איצטיקע באַנקירן און מעצענאַטן, ווי זיי זיינען געווען אַמאָל „איינגייער" באַ אַלטע גרעפינס אַלמאָנעס... שפּילרייינען קאָנען זיי אַלע. און נאָך פונוייטנס, אַז זיי זעען אים, מאַכט מען אים פּריערווים אַן אָרט און מ'שמייכלט אים אַ קעגן:

— ביטע, ביטע, היר, הער שפּילריין.

שפּילריין צעקנייטשט זיך פון צופרידנקייט. ער ווייזט אָן איזאַקלען, ער זאָל אים אונטערלייגן דעם שטרויענעם טעפּיכל אונטער די פיס און שטיקט זיך פון טיינעג.

— כע, כע, דאַנקע שיין, מיינע הערשאַפט...

— דאַנקע שיין...

אַ ווײלע רעדט מען די געוויינלעכע ווערטער. מ'פרעגט זיך אויס וועגן ליבן געזונט, מ'דאַנקט זיך העפלעך קעגנזייטיק און מ'פרעגט זיך איבער עטלעכע מאָל, צי מ'קוועלט זיך נישט, גאָט באַוואַר, אַף דער בויך. נאָר אַז מ'איז שוין מיט אַלץ פאַרטיק, נעמט שפּילריין אַרויס דעם „קוריער". ער עפנט אויף די ערשטע זייט און שטראַלט פון טיפע קנייטשן אַרויס:

— כע, כע, ווי געפעלט אינען דער אַלטער גאָלדטאַלער...

— כע, כע, כע, גענומען און געשטאָרבן...

— גאָלדטאַלער?..

אַלע זיינען איבעראַשט. ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק געזען אים אַף דער בירזשע. שפּילריין קוקט מיט דורכדרינגלעכן אויג. ער איז נישט געווען זיכער, צי זיי וועלן נאָך נישט האָבן געזען דעם „קוריער" און וויסן דערפון. ווייזט זיך אַרויס, אַז קיינער ווייסט נאָך נישט. אַלע האָבן זיך ערשט פון אים, שפּילריינען, דערוואוסט. נאָר מ'גלויבט אים נישט, כאָטש מ'ווייסט, אַז שפּילריין וועט קיין ליגן נישט זאָגן, און מ'כאַזערט איבער סטאַם אין דער וועלט אַריין:

— אָבער דאָס קאָן נישט זיין, הער שפּילריין...

— אוממיגלעך, הער מאָריין...

נאָר דערויף ענטפערט שפּילריין קיין וואָרט נישט. ער וויקלט נאָר פאַנאַנדער דעם בלאַט מיט ציטערדיקע הענט און ווייזט מיטן זעלבן אויסגעשטרעקטן פינגער, וואָס ער ווייזט אַף אַ שטיין אַן אַנטיקל:

— כע, כע, כע, האַ?..

מ'מוז מוידע זיין. שוואַרץ אַף ווייס אָפּגעדרוקט: „נאָך קורצע און שווערע ליידן... אַלע פריינד און באַקאַנטע ווערן געבעטן אָפּגעבן דעם לעצטן קאָוועד". נישט פאַרשטענדלעך איז נאָר, וואָס ס'שטייט געשריבן אין אַלטער פון „דריי און זעכציק יאָר", און, לויט מ'ווייסט, האָט ער שוין געדאַרפט זיין אַ זיבעציקער, אָדער נאָך מיט אַ צולאַג... און דאָ הוסט זיך שפּילריין ווידער אויס. ער באַרירט שביינעשע קניען, אַ סימען, אַז ער וויל ריידן, און שטיקט זיך אין זיך:

— לאַסן זי מיך, יאַ, אום גאָטעס ווילן...

– איך ווייס עס, יאָ, גאַנץ גענוי...

מ׳וואַרט. שפּילריין, ווייסט מען, וועט שוין איבערבעטן גענוי. נישט אומזיסט פירט ער אַלע כעשבוינעס אַפן קאָפּ און האָט פיינט בוכהאַלטערס און ביכער. שפּילריין טראַכט אַ צייט און צעשטראַלט זיך:

– גראָבע יונגען די יונגע גאָלדטאַלערס... ער האָט געהאַט אַף זיך, דער זעליקער, גאַנצע נייען און זעכציק...

– פּונקט נייען און זעכציק...

נאָר דעם אוילעם איז נאָך אַלץ אינטערעסאַנט, צי וועלן די יאָרשים ווייטער פירן אַזוי סאָליד די פירמע. מ׳האַלט זיי פאַר הולטייעס, די יונגע גאָלדטאַלערס, און דער אַלטער האָט די עמעסע פּויטיקע איבערגעלאָזט...

שפּילריינען כאַפּט פּעסטער דער הוסט, און ער פאַרהאַלט אַ ווײַלע די אַרומיקע מיט ביידע הענט, זיי זאָלן צוואַרטן, נישט איבעריידן דערווייל, ביז ער וועט נישט אָנשפּייען אין פלעשל אַריין:

– כע, כע, מ׳דאַרף נישט ריידן, וואָס מ׳ווייסט נישט. ווי זאָגט עס נאַטאַן באַ לעסינג...

– כאָ, כאָ, כאָ, זיין גאַנץ פאַרמעגן איז אָט דאָס פלעשל ווערט... איך ווייס עס גאַנץ גענוי. געהאַט באַ אים די ערשטע היפּאָטעקן...

אין גאָרטן ווערט אַלץ וואַרימער. עפּעס אַ ליבנדיק פּאָרל שפּאַצירט דאָ הין און צוריק און קאָן זיך קיין אָרט נישט געפינען. די זון שיינט זיי צו העל, בעאיים זיי דאַרפן נויטיק באַהאַלטענעם שאָטן... קינדער פּוכקע און אָפּגעברענטע יאָגן זיך מיט קלינגענדיקע געלעכטערן נאָך באַלן און שמעטערלינגען. און אַ גאַנצע כעוורע הינט, צוקודלטע און העפקערדיקע, האָבן זיך צו אַ פּריצעש׳ אויסגעצוואָגענער צויג צוגעטשעפּעט און לאָזן זיך בעשום אויפן נישט אָפּיאָגן פון פאַרשעמטער יונגער מיידל, דער באַלעבאָסטע פון דער זינדיקער צויג. נאָר דאָ אַף דער באַנק קוקט זיך קיינער נישט אום. דער צעטל מיט די שוואַרצע רעמלעך איז גרויס. נאָך די גרויסע און פעטע ראַמען גייען אַלץ קלענערע און מאָגערערע. שפּילריין ווייסט יעדן, קאָן יעדן. און ער שטיקט זיך אין זיך פון טיינעג און באַרירט פרעמדע קניען:

– אָבער לאַסן זי מיך, יאָ, אום גאָטעס ווילן...

– איך ווייס עס, יאָ, גאַנץ גענוי...

---------

נאָך מיטיק טוט אָן שפּילריין זיין אַלטמאָדישן סורדוט מיט דער לאַנגער טאַליע און שמאָלע אַרומגעזוימטע לאַצן. ער זעצט אַרוף אַפן שפּיץ קאָפּ אַ גרינלעכן צילינדער, ער בייט אוים דעם ביינערנעם שטעקן אַף אַ דינעם איינגעצויגענעם שירם און באַקומט אַ פּאָנים פון אַן אַלטן קאַנטאָר, וואָס האָט פאַרלאָרן די שטים. ער דאַרף זיין אַף דער לעוואַיע גאָלדטאַלערס, און ער טוט זיך אָן אין צילינדער, ווי מיט אַ סאַך יאָרן צוריק. די לעוואַיע הייבט זיך אָן ערשט שפּעט, און ער כאַפּט זיך דערווייל אַריין אין צירונג־בירזשע.

אין קאַפע איז שיטערלעך, דרעמלדיק. די טעג זיינען הייסע. קיין כאַסענעס ווערן נישט געפּראַוועט. די גווירים זיינען זיך צעפאָרן אין דייטשע וואַרימבעדער און אַקטריסעס שפּילן נישט צוליב וואַקאַציעס. און סאָכרים זיצן פּוסט און פּאַס אַרום די טישלעך. זיי דערציילן געשיכטעס פון שטיינער אַנטיקלעך און אימיטאַציעס. זיי ריידן נאָך אַלץ וועגן דער לעצטער רעוויזיע אין בירזשע און ווינטשן זיך דאָס פאַרמאָגן, וויפיל געלד מ׳האָט צוגענומען.

רעוויזיעס קומען פאָר אָפט אין בירזשע.

קעדײ צו האַנדלען מיט ליכטיקע שטײנער און גאָלד, דאַרף מען אַ גילדע האָבן. מ׳דאַרף ביכער פירן פון יעדן כײפעץ, װאָס מ׳קױפט און פאַרקױפט, קעדײ מ׳זאָל נישט האַנדלען מיט קאָנטראַבאַנד און גנײװעס, אָבער דאָס טוען נאָר די גרױסע סאָחרים, די „אַמשטערדאַמער״. שװאַרצע רירעװדיקע יונגעלײטלעך קױפן און פאַרקױפן אַלץ, װאָס מאַכט זיך. דערצו כאַפּן זײ זיך אָפּט אַריבער אין דער שװײץ. זײ פּאַקן אין קלײנע גילדערנע זײגערלעך אין די באַהאַלטנסטע ערטער און פאַרקױפן דערנאָך פאַר גוט גאָלד. די דאָזיקע זײגערלעך נעמען שטאַרק אױס בײַ צװײטראַנגיקע שאַנסאָנעטקעס און בײַ זאַטע אָנגעגעסענע װײבער פון בערדיקע פּריסטאַװעס און נאַטשאַלניקעס. און די פּאָליצײ מאַכט דאָ אָפּט רעװיזיעס. און מענטשן יאָגן זיך נאָך מענטשן גיך און שװײגנדיק, מיט פלינקײט און אָרעמע.

גאָלד גלאַנצט דאָ. טרײפע בלישטשענדיק גאָלד. און בײַ שװאַרצע יונגעלײטלעך שפּריצן שװאַרצע אױגן מיט רױטע פונקען און בײַ פּאָליצײ־לײט בײטן זיך די שװאַרצאַפּלען פון גרױ אַף גרין.

שפּילרײַן זיצט זיך צװישן רעדל זײַנעם. ער זיצט אַף אַ ברעג שטול, װי אַ יאָנטעװ־דיקער צװישן װאָכעדיקע, און טאַפּט בײַ שכײנעשע קניען. דערשראָקענע יונגעלײטלעך זײַנען בעאײם דער רעװיזיע צוגעלאָפן צו אים און אים געװאָלט שיטן גאָלד און שטײנער אין די קעשענעס אומגעצײלט. בײַ אים איז אַ גילדע, צו אים װעט מען דאָך נישט צוגײן. נאָר ער האָט זײ געענטפערט מיט אַ געלעכטערל:

– כע, כע, כע, האַרציקע – האָט ער זײ געענטפערט – איך קאָן אײך גאָרנישט...

– כע, כע, כע, גילדענע, איך קאָן זיך מיט הענדלער, נישט מיט טענדלער...

---

שפּעטער צו ציט זיך איבער װאַרשעװער גאַסן אַ רײַכע סימעטרישע פּראָצעסיע. גלאַנציקע קאַרעטן פאָרן נאָך טריט בײַ טריט און פאַרהאַלטן שטאָט דעם פּולס אַ היפּשע צײַט. די קאַרעטעס פאָרן לײדיק. און נאָר בלױז אין דער לעצטער זיצט שפּילרײַן מיט אײַזאַקלען. שפּילרײַן װיגט זיך נאַכעסדיק אַף װײכן אַטלעסן געזעס און פילט ערשט איצט, װי ס׳שלאָגן אים אָפּ די זײטן די דראָזשקעס, מיט װעלכע ער פאָרט אין בירזשע. ער האָט אַפילע געהאַט אַ קלײן אינצידענטל מיטן קוטשער. ער האָט זיך אונטערגעלײגט דאָס שטרױענע טעפּיכל צופוסנס, האָט עס דעם אױסגעפּוצטן קוטשער פאַרדראָסן און אים זיך נישט געהײסן פאַרכאַזערן די קאַרעטע. ער האָט אים געזען אין גרינעם צילינדער מיטן שירעם, האָט ער אים אָנגענומען פאַר אַן אָרימען קאָרעװ, אָדער פאַר „אַ צוטשעפּעניש״, װאָס רײַבט זיך בײַ רײַכע לעװאַיעס. ער האָט געכאַפּט אַ כײליק, דער קוטשער, פון די יאָרשים, און שפּילרײַן שטראַלט פון נאַכעס.

אַפן גוטן אָרט אײַסעקט מען זיך לאַנג. דער פּרײדיקער זאָגט אַזױ ערנסט און מיט אַזאַ טרערן־אָנגעזאַפּטער שטים, גלײַך קײנער װאָלט בעעמעס נישט װיסן, אַז ער זאָגט די זעלבע װערטער מיטן זעלבן קאָל אַף אַלע רײַכע לעװאַיעס. דער קאַנטאָר זאָגט מיט אַ האַרטן באַס, װי אַ גאַלעך, און די שטײפע מעלאַװים דערפילן האַכנאָע פאַרן טױט. שפּילרײַן שטײט אין אַ װינקל מיטן אַלטן מעסאַסעק יערוכעם־געצל און שאָקלען צו מיט די קעפּ צו יעדן װאָרט פון פּרײדיקער, װאָס זײ קאָנען שױן אַף אױסװײניק.

אַף אַלע לעװאַיעס טרעפן זײ זיך בײדע. יערוכעם־געצל איז אַן אַלטער מעסאַסעק. בײַ אים איז אַ װײסע געדיכטע באָרד, װײסע געדיכטע ברעמען. נאָר אַ פּאָנים אַ רױטס און אַ פרישס, װי בײַ אַ קאַרליק. אַף אים זאָגט מען, אַז ר׳האָט אַ שלאַל מיט גאָלד, אַז ער כאַפּט אַ פאַרבײסן בײַ אַ דײַטש, װאו מ׳פירט אַ טרײפענע קיך. נאָר ער אַלײן, יערוכעם־געצל, מאַכט לײצע־לײצאָנעס פון די „גילוכים״. ער קאָן זײ גאַנץ גוט. קאַמאַט בײַ אַלע האָט

ער זיך מעסאַסעק געווען. גאַניץ וואַרשע האָט ער מעקאַבער געווען. און קוקן קוקט ער אַף אַלע, ווי אַף מאַטעריאַל מעקאַבער צו זיין. ער גלייבט, אַז ער וועט אַלע איבערלעבן, אַז אַלע וועלן דורך זיין האַנט דורכגיין. נאָר דערזעט ער שפּילריינען, הייבט אים אָן עפּעס אַ שטומע מוירע באַהערשן. עפּעס פאָרעט זיך ער אים דאָ צופיל אַפּן גוטן אָרט, דער שפּילריין. עפּעס שטעלט ער זיך אַליין אַוועק אַ מאַצייווע, באַגלייט אַלע מאָל אַן אַנדערן. עפּעס רעדט ער זיך שוין אַזוי לאַנג, לאַנג וועגן בויט, ווי וועגן גאָר אַ פּאָשעטע זאַך, און האַלט זיך אַלץ אַף די פּיס. יערובעם־געצל פּילט נישט זיין טקיפעס קעגן דאָזיקן כוילע־מעסוקן און ער באַטראַכט אים טאָמיד מיט שטומען בליק.

אַז מ'גייט צוריק פון דער לעוואַיע, שטעלט זיך שפּילריין אָפּ באַ זיין קאַרקע און אַלע פאַרהאַלטן זיך אַרום אים. אַף גוטן אָרט איז שטיל. די גראָזן וואַקסן הויך, אומגע־שניטן. שוואַרצע און ווייסע מאַרמאָרן שפּרייטן קאַלטקייט און אפּשיי אַרום זיך. בלויז נאָר פייגעלעך גאַנצע מאַכנעס שפּילן זיך אין יאָגעלעך און שפּרינגען אַלאַכסנדיק פון שטיין אַף שטיין. שפּילריין קוקט אַרום זיך אַף צוזאַמענקוועטשעניש פון קוואָרים און פאַרהאַלט די אויג אַף זיין שטיקל אָרט.

מ'דערציילט דאָ, וויפיל מ'האָט פאַר גאָלדטאַלערס קאַרקע אָפּגעצאָלט. גאַנצע פּופצן טויזנט האָט מען אָפּגעצאָלט. און דאָס אין דער פינפטער אַליי. זיינע, שפּילריינס, שטייט זיך אין דער סאַמע פּאָרנטיקער. אין סאַמע אויבנאָן. און ער פרעגט מיט ווייכן הוסטל באַ אַרומיקע:

— כע, כע, מיינע הערשאַפט, טרעפן זי, יאַ, וויפיל איך האָב דערפאַר אָפּגעצאָלט?..

קיינער שטעלט זיך ניט איין צו זאָגן. און שפּילריין אַליין שטיקט זיך פון טייגע...

— טויזנט רובל, מיינע הערשאַפט...

— פונקט טויזנט רובל...

## IV.

אין צירונג־בירזשע שטייען לאַנגע רייען סימעטרייש אויסגעשטעלטע און אָפּגערייניקטע טישלעך און קוקן אויווערבאַטלדיק אַף גרויסן ליידיקן זאַל. זיי שטייען גרייטע, ווייסגעוואַשענע, אָפּגערייניקטע, מיט ווייבע פּאַטעלן, מיט ראָזע סאַלפעטקעס און מיט אַש־שיסעלעך, נאָר קיינער רירט זיך נישט צו זיי. בלויז עטלעכע אויסגערוטע קעלנער שיקן פוילע געניצן אין הייסע לופט אַריין. און פון צייט צו צייט באַווייזן זיך עטלעכע פליגן אַף קאַלטן מאַרמאָר, שמעקן אַרום עטלעכע מאָל, צי ס'איז נישט פאַרבליבן קיין זייכער פון זיסקייטן און פליען אַנטוישטע מיט שטורעם אַוועק.

ס'איז ליציטאַציע צייט.

אין אַלטן איינשטאָקיקן לאָמבאַרד, וואָס אין אַ קרום געסל נעבן ווייסל, האָבן זיך צופיל פאַרזעסענע מאַשקאָנעס אָנגעזאַמלט, און מ'פאַרקויפט זיי עפנטלעך שוין אַכט טאָג צייט. איצט זיצן דאָרט באַ אַ גרינעם טיש עטלעכע אַלטע פליבע טאַקסאַטאָרם מיט קורצע אַרבל, ווי באַ ריכטער. אַן אויסגעהויקערטער בלאַסער זאָקן זיצט אינמיט, צווישן צוויי בערדיקע פּריסטאַוועס, און רופט מיט הייזעריקן קאָל:

— אַ בראָש מיט אַ גרויסן שטיין אינמיט און צוועלף קליינע אַרום, טויזנט זיבן הונדערט מיט פופציק...

— אַ שנור פּערל, קליינע, העלע, דריי טויזנט איין הונדערט מיט נייען און אַכציק...

געפּאַקטער, שווייסיקער זאַל גיט אַ ציטער אויף, ווי מ'וואָלט אַן אורטייל אויסגעהערט. שוואַרצע רירעוודיקע יונגעלייטלעך שפּיצן אויערן אויס:

— אַ בראָש מיט אַ גרויסן און מיט צוועלף קליינע...

מ׳מוז זי זען די בראָש. עמעס, אַז דער לאָמבאַרד האָט אויסגעליען די סומע, אַבוץ צוגעקומענע פּראָצענטן. נאָר פון פאַרשיידענע זייטן סוירן זיך דאָ צוגעטוליעטע רעדלעך. מיגלעך אַז דאָ קאָן מען שוין די בראָש. קאָן זיין, אַז זיי האָבן זיך שוין פּאָר ליציטאַציע געזען מיטן הייזעריקן טאַקסאַטאָר און פריעראויס אָפּגעשאַצט די סכוירע. אָט שרייט טאַקע אַ שטימע, אומגעזעענערהייט:

– צוויי טויזנט...

א צווייטער שרייט אים איבער:

– צוויי טויזנט הונדערט...

מיגלעך, אַז ס׳איז אַ מציע. עפּשער גאָר אַן אַנטיקל און מ׳דאַרף אַריינשרייען מיט־אַמאָל, אָפּצוהאַקן די פליגל:

– דריי טויזנט...

מיגלעך אָבער, אַז מ׳וויל דאָ עמיצן זייפן, מעקאַבער זיין און מ׳שרויפט אַ פּרייז... זען וואָלט מען גויטיק געראַפט. כאַטש געבן אַ בליק פון דער נאָענט. מ׳שטופּט זיך, מ׳פילט, ווי מ׳שניידט זיך אין שווייסיקן מענטשלעכן לייב. נאָר מ׳באַקומט צוריק אַ שטילן שטויס, אַ שטייפן קניפּ, אַ קניפּ פון פינגער, וואָס מ׳זעט נישט, מ׳ווייסט נישט און מ׳וועט קיינמאָל נישט וויסן, פון וועמעס האַנט ער קומט. אַרויסגעבן גיט מען דאָ נישט. סיידן די „אַמשטערדאַמער". אָט זיצן זיי טאַקע אַרום טיש. אין סאַמע מיט זעט זיך שפּילרייננס אויס־געצויגענע צעקנאָדערטע האַלז, זיין כוישעכדיקער פּאָנים מיט היציקער אָפּלעבונג אין אים, זיינע פינצטערע אויגן מיט גרינע פייערלעך געפּאַסט. מ׳סוידעט זיך נאָך אַלץ. פון גליק מוז מען זיך סוידן, פון אויצער, פון בלינדן אויצער, וואָס שיינט אין מיטן העלן זאַל און מ׳קאָן אים אין איין רעגע פון האַנט אַרויסלאָזן, אין האַלז שטיקט. ס׳רייסט זיך עפּעס. שרייען ווילט זיך. שרייען אין אָנגעשטאָפּטער, הייסער לופט אַריין. און קוילעס דרינגען אומגערן פון האַלז אַרויס, נישט געזען, נישט געהערט...

– דריי טויזנט הונדערט..

– דריי הונדערט...

דער זאַל פאַרהאַלט אַ ווײַלע דעם אָטעם. גליק און אומגליק בלאָנדזשען דאָ איבער נידעריק געוועלבטן זאַל. גליק און אומגליק, וואָס זוכן זיך יעדער זיין מענטש. מ׳זעט זיי? ביידע, מ׳פילט זיי ביידע, נאָר מ׳דערקענט נישט, ווער גליק איז און ווער אומגליק... ס׳איז געדיכט. לופט איז פול מיט הייסן באַגער. מיט גלייך הייסן באַגער פאַר אייגן גליק, ווי פאַר פרעמדן אומגליק. איבער אים בליצט העלער אויצער, ברענט פייערלעך גאָלד, און איבער זיי אַלעמען שיט הייסע זון בלענדיקן שטויב דורך ברייטע פענצטער – שיט שטויב אַף אַלעם: אַף גאָלד און סיכל, אַף סוינע און פריינד. פאַרהילן פאַרהילט זי אַלץ אין זיך, מישט אויס אין איין געדיכטער בלענדעניש און נאָר קוילעס שניידן זיך דורך, איינער העכער פון אַנדערן:

– דריי טויזנט אַכט הונדערט...

- פיר טויזנט...

אָט ווערט עפּעס שטיל. אַ דינער געוויין, אַ שאַרפער און דורכדרינגלעכער, שפּאַלט דורך געדיכטן זאַל, ווי אַ לאַנג אויסגעצויגענער שווערד, און נייט אַלץ אַנטשווינגן צו ווערן: דאָס איז אַ פרויען־געוויין, אַ געוויין פון אַ פרוי אַ יוירעדעס, וואָס איז געקומען זען דעם לעצטן מאָל איר פאַרמאַשקנט גליק. אַ צייט איז שטיל. מ׳לאָזט געוויין דעם גאַנצן זאַל דורך. נאָר באַלד ווערט ער פאַרכאַפּט פון הייזעריקע קוילעס, און שטאַרבט אָן ווידערקאָל. מ׳קאָן אים שוין דעם דאָזיקן מין געוויין – און מ׳שרייט אין הייסער לופט:

– פיר טויזנט פינף הונדערט...
– פינף טויזנט... סטאָפּ...

און זאָל ווערט איינגער, גלייך די אַלטע ווענט וואָלטן זיך אויסגעבויגן פֿון היץ און צוגעטוליעט זיך איינע צו דער צווייטער. דאָס האָבן אַלע מיט אַמאָל איינגעהאַלטענעם אָטעם אַרויסגעלאָזט, און מען איילט זיך אַרויס אַף דער גאַס, כאַפּן אָטעם דורך די פינף מינוט האַפּסאַקע. ס'איז שוין באַוואוסט: די „אַמשטערדאַמער" האָבן אַרופגעטריבן אַף דער בראַטש. זיי האָבן מעקאַבער געווען איינעם פֿון די יונגעלייטלעכס אַ נאָדן, און באַ זיי זיינען געבליבן די פּערל, וואָס אַ באַהאַלטענע פּרוי האָט באַווינט. די פּערל זיינען אַן אַנטיקל, אַן אויצער. איצט גייען זיי צוזאַמען. זיי שמייכלען ניצאָכנדיק און שטופּן זיך נענטער צו שפּילריינען אין מיט, מ'זאָל אַיין וואָרט זיינס נישט דורכלאָזן. ער האָט זיי געוויזן פֿון אַמאָליק שטיקל. געלערנט זיי „זייפן", און ער שטיקט זיך אין זיך פֿון טיינעג:

– כע, כע, כע, האַרציקע, צוליב אַמביציע...
– נאָר צוליב אַמביציע...

ער קוקט זיך פֿונדעסטוועגן אום אַף אַלע זייטן. ער ווינקט מיט אַ פינגער צו אַ דראָזשקע און הייסט זיך אונטערלייגן דעם שטרויענעם טעפּיכל צופֿוסנס.

ער טרעפט, אַז אַ סאָכריש ווייבל, וואָס האָט געגלויבט אין מאַנס מאַזל – קומט צו־לויפן מיט גרייטע ספּאַזמעס צו לאָמבאַרד און שרייט אים גלייך אין פּאָנים מיט היסטע־רישע קוילעס:

– שויכעט...
– מאַלעך־האַמאָוועס...

און ער שטאַרקעט אָן קוטשערישער בלויער פּלייצע און מורמלט פּייכט:

– גיכער, האַרציקער, גיכער...

---

די טעג אין שטאָט הייבן אָן ווערן אַלץ קירצער, קלענער. די קוימענס פּייפן אין נאַכט אַריין, און הימל האַלט זיך ברודיק קעסיידער. שפּילריין פּילט שוין אַ סאַך מאָל באַנאַכט, אַז אין די קניען שפּאַצירט אַ קעלטל און אַז איין קאָלדרע איז אים צו ווייניק. און ער זיצט מערסטנס אין שטוב און הייבט זיך גרייטן צו ווינטער. ער האָט פֿאַרשיידענע אַרבעט. ער דאַרף איבערקוקן די וואַרימפּלעשער, צי די מייז האָבן ניט אַמאָל אויסגעגריזשעט לעכלעך אין די ברעגן, און די הייסע וואַסער זאָל אים נישט אַמאָל טרעפן איבער די פיס. ער דאַרף לאָזן אונטערשטריקן זיינע וואָלענע הויכע זאָקן, לאָזן אַרומנייען די אונטערגעהייבענע עקלעך פֿון פֿוקסן־פּעלץ, און ס'וואָלט נישט אויסמאַכן אָפּגעבן „נאַטאַן דער ווייזע" צו אַן איינבינדער, מ'זאָל אים איבערציען מיט לייוונט. אַז ס'טרעפט אַ וואַרימער טאָג, גייט ער אַראָפּ אַ ביסל אַפּן הויף, ער זעצט זיך אַוועק אַפּן גלייך אויסגעלייגטן האָלץ־מאַטעריאַל און קוקט זיך צו צו דער אַרבעט פֿון די מויערער און טעסלער.

נישט לאַנג האָט ער אָפּגעקויפט די שייניטשע הויז אַף רעכטס. איצט האַקט מען דורך אין רעכטן פליגל אַ טויער, וואָס זאָל פֿאַראייניקן ביידע הייזער מיט אַ דורכגאַנג. שפּילריין קוקט אַף די פֿאַרשטויבטע מויערער, וואָס שפּרייטן אַרום זיך רויטלעכן ציגל־שטויב און פֿאַראַסעטן הוסט. ער באַטראַכט די מוסקולירטע סטאָליאַרעס, וואָס טראַכטן לאַנג באַ יעדן נייעם באַלקן, שנעלן אים מיט האַרטע נעגל, צי ער איז ניט ווערימדיק, צי ער איז ראָע פֿאַר שפּילריינס פֿעסטן מויער.

אַפּן הויף שטייען מיידעלעך מיט פֿאַרהייבענע שירצלעך, שטייען גרייט צו כאַפּן אַ שפּאָן אַף הייצן, און שפּילריין קוקט דערפֿאַר מיט וואַכיק אויג, און יעדן מאָל, וואָס אַ שפּענדל

שפרינגט צו ווייט אַוועק, ציט ער אויס זיין לאַנגען ביינערנעם שטעקן און שאַרט אים פּאַר־אַקשנט צוריק צו זיך.

ער איז צופרידן. די אידייע דורכצופירן אַ טויער דורך ביידע הייזער איז אַ זעלטענע. דער יונגער אינזשעניער קאָן אים גאָרנישט גענוג אויסלויבן דערפאַר. איצט וועט אַפילע מיגלעך זיין אַרופציען אַ צוויי שטאָק אַף ביידע הייזער צוזאַמען. די מויער איז אַ שטאַרקע, זאָגט דער אינזשעניער:

– זי וועט נאָך פינף שטאָק דערטראָגן...

יענע וואָך האָט ער נאָך געהאַט אַ שטיקל מאַכלויקעס דאָ. די שכיינים פון רעכטן פליגל, וואו מ׳האַקט דעם טויער, האָבן זיך נישט געוואָלט אַרויסציען;

– מיר וועלן ניט אַרויס – האָבן זיי געטייגעט – מיר האָבן זיך שוין דאָ איינגעאָרדנט...

נאָר דייכעס האָט שווייגנדיק געבראַכט דעם קאַמאָרניק מיט פּאָליציי און אַלע מע־שאַליייעך געווען. איצט איז שוין אַלץ אין אָרדענונג. נאָר איין זאַך, וואָס אים באַאומרואיקט, איז די שוועסטער זיינע פון לאָדז, אַף וועלכער ער ריכט זיך טאָג אַף טאָג. שטענדיק אין דער צייט קומט זי צופאָרן נאָך געלט איינצוצאָלן פאַר די קינדער אין די שולעס. זי קומט שוין נישט דעם ערשטן מאָל, זי קריגט זיך אויס, וויינט זיך אויס און פאָרט אַוועק מיט גאָרנישט. שפּילריין פאַרשטייט זי נישט:

– אַ מענטש זאָל נישט מיעס ווערן...

ער ווייסט, אַז ער וועט איר נישט געבן. ער האָט דאָך נאָך מיידלוויז זי געוואָרנט זי זאָל נישט כּאַסענע־האָבן מיט דעם אינזשעניערל אירן... ער ווייסט, אַז זי וועט קלאָגן פאַרן הויף, אַז זי וועט זיך אַוועקשטעלן צווישן די ווייבער און צוזאָגן גליקן:

– וואַרט, וואַרט, מענטשן, וועט איר שוין זען, וואָסער ווירטין איך וועל אייך זיין...

ער דערמאָנט זיך אין אירע רעדע און אים הייבט אָן שטיקן אַ בייז געלעכטערל. נאָר ער טאַפּט זיך אַ ווײַלע הינטער וואָלענעם לייבל און בלייבט צוריק צופרידן:

– כע, כע, כע, ער ליגט דאָרט דער פאַרמעט. ליגט זיך צוזאַמען מיט דער רויער סכוירע...

---

אין שפּילריינס הויף שטעלט מען מיט אַמאָל אָפּ מויערער און טעסלער אין מיט אַרבעט. קאַרעטעס פאָרן אַריין און אַרויס פון טויער. און דייכעס דער הויזפּאַרוואַלטער לויפט פון איין קעלער־פענצטער צום צווייטן און קלאַפּט מיט נעגל אין שויב:

– הערט אויף קלאַפּן, טייערע...

– „ער” איז פאַרביי...

זאָקנמאַכערינס און פּאַפּיראָסניצעס רוען צופרידן אָפּ. זיי זעצן זיך אַוועק בּאַ פאַר־בלאָטיקטע פענצטער און רייסן קיין אויג נישט אָפּ פון צווייטן שטאָק פאַרהאַנגענע און פאַר־שטויבטע פענצטער. איזאַקל איז שוין עטלעכע מאָל דורכגעלאָפן דעם הויף, נאָר קיינער דערלויבט זיך נישט אים נאָכשרייען. די שטענדיק פאַרמאַכטע פענצטער האָבן זיך דעם ערשטן מאָל באַ שפּילריינען געעפנט און אַ ווייסע דאָקטערישע קאָפּ האָט אַ ווײַלע זיך באַוויזן אין אַ פענצטער־ראַם. ס׳האַלט מיט אים שלעכט, זאָגט מען, גאָר שלעכט. מ׳האָט שוין אַלע פענצטער געעפנט, נאָר ער קאָן אַלץ קיין אָטעם ניט כאַפּן:

– ער דערשטיקט זיך...

ווייבער קריכן אַרום מיט פאַרנעצטע קליידלעך איבער בלאָטיקן הויף און שושקען זיך שטיל, פאַרייסנדיק פאָרכטיקע אויגן צו שפּילריינס סוידעסדיקע פענצטער. מ׳האָט מוירע דאָ, מוירע פאַר צופאַלן אין הויף. אַף גאַסן האַלטן זיך נאַסע וועטערס, קלעפּיקע, אויבס פּוילט

אַף באַזאַרן, און קינדער זאַטע, איבערגעגעסענע בלאָנדזשען אַרום מיט פולע בייכלעך און מידע טריט. נאַכט באַ נאַכט פאַלט דאָ עמיץ אַנדערש אַף אַ בייכל אַוועק, געשמידטער טויער סקריפּעט אין נאַכטקייט אַרום און מאַמעס דערשראָקענע לויפן וועקן אין אַפּטייק.

טויט שוועבט אין אַזעלכע טעג איבער געדיכטע גאַסן. שוועבט אַרום דיקע אָפּגע־שיילטע ווענט, אַרום פאַרויכערטע קוימענס און זוכט זיך זיין רו, וואו ס'געפעלט אים. הויף האָט מוירע. און ווייבער טוליען קינדערשע קעפּלעך צו וואַרימער שויס, ווי זיי וואָלטן זיי וועלן אויסבאַהאַלטן.

נאָך עטלעכע טעג רעגן און ווינט טראָגט זיך מיטאַמאָל אַ ליכטיקער פרימאָרגן אָן. און שיינט אַזוי מילד און וואַרים, ווי ער וואָלט וועלן אָפּצאָלן פאַר אַלע טריבע טעג. גרויסער הויף דערוואַכט צוריק צום לעבן. מאַשינען הייבן אָן הודיען, און מ'פאַרגעסט גאָר כאַפּן אַ בליק צו שפּילרייננס פאַרשטעלטע פענצטער, גלייך זיי וואָלטן גאָר אין הויף זיך נישט געפונען מער. נאָר פלוצלונג עפנט זיך דער טויער אין דער ברייט. צוויי שוואַרצע קוואָרע־אידן פירן אַ פאָר בלינדע שוואַרץ־געהילטע פערד באַ די צוימען אַריין, און יערוכעם־געצל רייבט זיך אין ביידע הענט אָן, ווי ער וואָלט אין אַן אייגענעם אָרט פאַרפאָרן.

שפּילרייננס הויף לאָזט זיך האַסטיק צו פענצטער און בלייבט שטיין מיט אָפענע מיילער:

– שוין זשע איז מען אַזוי געשמאַק געשלאָפן?..

אַ צייט שטייען קוואָרע־אידן אַף אַן אָרט און פאַריכטן באַ בלינדע פערד דעם געשפּאַן. יערוכעם־געצל דרייט זיך מיט פאַרלייגטע הענט אַף הינטן. ער שיינט מיט ווייסע באָרד פון שוואַרצע קליידער אַרויס און פאַרטשעפּעט יונגלייטלעך. עס איז עלעל־צייט. דער אוילעם האָט עפּעס באַזונדערס פאַר אים מוירע. דערצו איז די זומער־עפּידעמיע אויך אין גאַנג. און ער פילט זיך, אַז שטאָט איז זיין, ער ווינקט מיט אַ וואוילאַנגעריש אויגל פון פלאַכן צילינדער אַרויס און זאָגט מיט אַ ניגן פון פיירעק:

– און אַז ס'קומט יערוכעם מיט דער קאַרעטע...

אַ צייט שטייט מ'נאָך אַלץ שווייגנדיק און מ'וואַרט. עפּעס איז צו אומדערוואַרט אַלץ געקומען. און אַ געפיל איז באַ יעדן אַ שולדיקער, ווי מ'וואָלט פאַרשלאָפן זייער אַ וויכטיקע געשעעניש. אָט גיט איבער זוניקן הויף עפּעס אַ באַקאַנטער שטעקן אַ בלענד מיט זיין ווייסקייט, אַ פּאָר שפּיציקע קניען רוקן זיך פאָרויס און אַ באַקאַנט הוסטל שטיקט זיך אין טיינעג:

– כע, כע, כע. אַ גוטן מאָרגן אייך, רעב יערוכעם־געצל...

– כע, כע, כע, וואָס מאַכט מען יערוכעם־געצל?..

שביינים רוקן זיך צו צו ווענט, ווי מ'וואָלט אַן אופגעשטאַנענעם מעס דערזען, און בלייבן אַ צייט מיט פאַרגליווערטע אויגן און מיילער. זיי זעען, ווי שוואַרצע אַגאָלע־אידן דרייען אים די בלינדע פערד צו אַ ווינקל הויף, און לאָזן זיך אַראָפּ אין אַ קעלער. זיי זעען, ווי שפּילריין שטייט מיט יערוכעם־געצלען אינמיט הויף און באַטראַכטן זיך שווייגנדיק איינער דעם צווייטן מיט שטומען דויערנדיקן בליק.

עס איז עפּעס פאָרגעקומען צווישן זיי ביידן. די אַרויסגעוואָרפענע שביינים שפּילרייננס האָבן אים אַמאָל אָפּגענאַרט, יערוכעם־געצלען. זיי האָבן אים אַרויסגערופן אין מיט נאַכט פון בעט און אים געהייסן קומען וואָס גיכער צו שפּילרייננען מיט די ליכט און מיטן שוואַרצן קעסטל.

יערוכעם־געצל האָט זיך געאיילט. ערשטנס, גייט ער ביכלאַל צו אַלע רייכע באַר־מינענס, צווייטנס האָט ער שוין לאַנג, לאַנג געוואַרט אַף אים. ער האָט דעריבער גענומען דעם לאַמטערן אין איין האַנט, די קעסטל אין דער צווייטער און אַוועק. ער איז אַריין אין

הויף בריט, טאַקעפּדיק און אָנגעקלאַפּט מיט ביידע הענט. נאָר ער האָט זיך געמוזט ־צוריק־
שלעפּן עטלעכע וויאָרסט וועג צום אַלטן ביים־אוילעם נעבטיקן. שפּילריין ווייסט פון יערוכעם־
געצלס וויזוט, נאָר ער מאַכט זיך ניט ווּסנדיק. אַ צייט שטייען זיי נאָך אַליין אַזוי אין מיט
הויף און קוקן זיך אָן, נאָר אַז ס'דויערט צו לאַנג, קאָן יערוכעם־געצל מער נישט אויס־
האַלטן, לאָזט ער אַראָפּ דעם אופגעהייבענעם קאָפּ זיינעם און ברומט סטאַם אין וועלט אַריין:

– אַ וועלט, פּאַניע שפּילריין...

שפּילריין הוסט זיך אויס עטלעכע מאָל און באַזערט איבער מיט דראָבנעם געלעכטערל:

– כע, כע, כע, אַ וועלט, האַרציקער...

– אַ וועלט, טייערער...

אַז די מעסאַסקים קומען צוריק פון קעלער מיט אַ שוואַרץ פאַרהילט קעסטל, שטעלט
זיך דער הויף שביינים אַרום און שאָקלט שטום מיט די קעפּ. מ'ווייסט שוין ווער ס'איז.
דאָס איז דער הויכער טרעגער, וואָס האָט געלעבט דאָ איינער אַליין שטיל און באַשיידן
און אויך אַזוי שטיל און באַשיידן געשטאָרבן. שפּילריין שפּאַרט זיך אָן איזאַקלס אַקסל און
גייט אויך מיט ביזן טויער. אַלע געשטאָרבענע איינוואוינער זיינע באַגלייט ער. דאָס איז באַ אים
אַ מינהעג שוין פון לאַנג. אַז די לעוואַיע איז אַרויס פון טויער צוזאַמען מיט אַ הייזעריקן סקריפּ,
שטעלן זיך די שביינים באַם אָפענעם קראַן וואַשן די הענט און שפּילריין שטעלט זיך אינ־
מיט הויף עגבערן מיטן שטעקן די ערד.

אַף־הימל וויזן זיך ווידער קליינע וואָלקנדלעך. דער טאָג איז שוין, אָבער מ'קאָן זיכער
מיט אים נישט זיין. אין דער צייט הייבט שפּילריין טאָמיד אָן ווינטערן. און שביינים
שטעלן זיך אַרום אים אַ רעדל. יוזעף דער סטרוזש שטעלט זיך אָנגעשפּאַרט מיט האַנט אָן
בעזעם. דייכעס שטייט מיט געבוינענע פּלייצעס און אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, און קינדער רוקן
מיט שרעק אָן אַ זייט, שפּילריין זאָל זיי ניט קאָנען קנייפּן אין די בעקלעך. אַ צייט דויערט
די אָנגעשטריינגטע שטילשווייגעניש, ביז מ'ווערט מיד און מ'הייבט זיך אָן געזעגענען:

– אַ גוטן טאָמיד אייך, הער ווירט..

– כע, כע, כע, אַ גוטן, האַרציקע...

– אַ גוטן ווינטער אייך, פּאַניע שפּילריין...

– כע, כע, כע, דאַנקע שיין, טייערע...

– דורכגעמאַכט נאָך אַ זומער, באַלעבאָס...

– כע, כע, כע, אַריינגעכאַפּט, גילדענע...

– ווי מיט די הענט אַריינגעכאַפּט...

קיעוו, 1920.





ל. רעזניק.

– אין לאַנד פֿון פֿאַרלאָשענע פֿייערן –

## פֿאַרשטעמפּלטע שפּורן.

שנייאיקע אָנפליען
האָבן גענומען
פֿאַרדרייען, פֿאַרשפּינען
מיט גראָען געשווינדל
מיינע אַלע אַרומען.
און איך האָב געלויערט
מיט אוראַלטן פֿאַכעד
אין כוישעך פון היילן,
כ'האָב זיך געטוליעט
צום קאַלטן נייר=טאָמיד.
געיאַרשנטע פֿונקען
פון צעשראָקענע דוירעס,
פון פינצטערע היילן
אין וואַלדישן טונקל.

כ'האָב זיך געטוליעט
מיט אוראַלטן פֿאַבעד
אין היילקן ווינקל.



## אין לעצט פון די טעג.

מ׳וואַרימט זיך בײַ טליענדיקע הײנטן
און גרויס איז די פרייד:
„עס וועלן שוין פלאַקערן אַלע פאַרטאָגן!״
גרויס איז די פרייד!

און איך האָב באַפוילן
מײַן רויטן לאַמטערן
אַף פעלדיישע אָנשנייען.

אין זײַן עלנדן אָפּשײַן
אַף שנייאיקע ווײַסן
וועט צאַפּלען אַ מאָרגן
אין מיירעוודיקע ווייען,
און איך וועל אים נאָכגיין
אין לאַנד פון פאַרלאָשענע פײַערן.

ערגעץ רויכערן זיך טליענדיקע הײנטן
און קוקן אַרויסעט
אַף העלע פאַרטאָגן...
און מײַן רויטער לאַמטערן –
אַ פונק אַ פאַרגעסענער
אין אייביקן העפקער
פון ווײַסן אַליין...

פאַרוויִיט זײַנען אויסוועגן
אינם לאַנד
פון פאַרלאָשענע פײַערן.



* *
*

טאָמער
איז דיין טרויער
נאָר אַ טויב
באַ בלאָע קוואַלן —
זאָל איך זאָגן
אַלע גייער —
וואָס איך ווייס?
זאָל איך זאָגן,
אַ׳סי אויסגעשעפּט
די טרייסט?

כ׳האָב אַרויסגעשיקט
קאַיאָרן
שפּינען שיין
אין דיינע טאָלן,
שפּינען שיין
אין דיינע ציטעריקע טאָלן.
האָבן טעכטער
מיך באַשוואָרן
לעשן פֿייערן
אין טאָל —
מיך באַשוואָרן
באַ סאָפּזומערדיקן
גאָלד.

קומען שטענדיקע
באַגינענס
דעמפּן בלאָען
קאַלטע בלייען
באַ דעם קוואַל.
זאָל איך זאָגן
אַלע גייער —
וואָס איך ווייס?
זאָל דערציילן,
אַ׳סי אויסגעשעפּט
די טרייסט?



ש. ראָסין.

*   *
*

ס׳איז פאַראַן אַזאַ אָרט,
ס׳איז פאַראַן אַזאַ לאַנד,
אַזאַ וואָרט,
אַזאַ נאָמען, –
זאָל געבענטשט זיין די לאַנד,
די געקרייציקטע ערד
זאָל געבענטשט זיין איר נאָמען!..
– – – – – – – – – – – – –
ס׳איז אָפּגעפּרישט מיין בלוט
אין אירע שטראָמען
און אויסגעשטאָלט האָט זיך מיין האַנט,
און אויסגעשאַרפט האָט זיך מיין שווערד
אין לאַנד
פון אופגעפראָלטע טאָמען...

*   *
*

מיין שוועסטער מיידל מעאוּבערעס איז
דורך גוואַלד.
זי וועט געווינען באַלד
אַ האַלבן מענטש און כאַיע...
פון אירע אויגן קוקט אַרויס
דער גרויל,
און ס׳האָבן זיך באַ איר נעבן מויל
קנייטשן אויסגעלייגט, ווי ווערים,
ווי ס׳וואָלט אַ שלאַנג געניסטעט זיך
באַ איר אין די געדערים...

* *
*

כ'האָב אַרויסגעקערט זיך פון מיין פעל
און בין געבליבן שטיין אין אָדערדיקן נעץ
פֿון בלוט און רייע פֿלייש,
אַ נאַקעטער
אין וועלט אין מיטן...

כ'האָב פֿאַראַקערט זיך מיט נעגל שפיציקע
אין מיינע אייטערדיקע וואונדן,
באַשפּייט זיי און באַזאַלצן,
און זיי פֿאַרסאַמט מיט זייער גאַל.
און פֿון מיין זיך
האָב איך
אַ ריפּ אַרויסגעשניטן
און אים פֿאַרשליידערט קאַפּאַקאַל...

כ'האָב אָן קנאָכן
שאַרבן זיך צעבראָכן
און מאַרך אַרויסגעשאַרט,
צענומען.
און אין זיין ווערימדיקער נעץ פֿאַרשפּונען
האָב איך אַ שלאַנג,
אַ רויטע שלאַנג געפונען...

און אָפּגעשפּרונגען כ'בין פֿון זיך
פֿון זיך אַליין – א ווילדער קאַין,
און טאַנצן כ'בין אַוועק
אליין נאָך מיין לעוואיע...



*　*
*

אויסגעשפרייט האָט זיך אַ נאַכט
אף אָנגעברענטער שטאָט
מיט ווייכע פינצטערניש, מיט בלאען ווייַן,
מיט שטערן־ציטער העלן,
מיט צייטיקייט פון זאַפטן קילן עלעל...
בלאָנדזשען אף די גאַסן מיידלעך אום
און נישטערן און זוכן שטום
אין באָכרישע שווארצאפּלען אַריין...
ווערן באָכרים אינגער, גרינגער,
רוקנס גלייבן אויס,
ברוסט פאָרויס
און הייבן קעפּ אוף
העכער, העכער,
— עמיץ וועט היינט שיקער זיין פֿון גליק,
עמיץ וועט היינט טרינקען
פרייד אַ פולן בעכער...



## נ. אויסלענדער.

# ביינוש שטיימאַן.

I

ווי איינער פון די גרויסע, וועלכע האָבן נישט צו וואָס און צוליב וואָס זיך צוצוּפּאַסן, איז ביינוש שטיימאַן געקומען און האָט באַוויזן אין דריי קורצע טעאַטערשטיק צו שאַפן זיין אייגענעם קאָלאָריט.

ווי עס זאָל פון איצט אָן נישט פאַרלויפן די אַנטוויקלונג פון דער אידישער דראַמע, ווי גיך מיר זאָלן נישט איבערשטייגן שטיימאַנס נאַוואַטאָרישקייט, וועט דאָך איינס באַ שטיימאַנען קיינמאָל נישט אַוועקגענומען ווערן: דאָס איז זיין אייגענער קאָלאָריט, זיין אייגנאַרטיקע פאַרבנשפּיל.

און דערגרייכט האָט דאָס שטיימאַן אָף אַ מערקווירדיקן אויפן.

אָנגעזאָפּט מיט דער געניאַלער אָביעקטיווויטעט פון זיין רעוואָליוציאָנערער עפּאָכע, ווען קיינס און קיינער קוקט זיך נישט אום אף זיך און ווייסט נאָר פון אָביעקטן, אָביעקטן און מייסים, האָט שטיימאַן מיט אַ וואונדערלעכער קראַפט געלאָזט שטומען אין זיך אַלע סוביעקטיווע טענדענצן פון זיין איינאונצוואַנציקיעריקער קינסטלער־נאַטור.

ער האָט געלאָזט זיין האַנט אויסמעקן פון זיינע דראַמאַטישע פּאָעמען זיין אייגענע פּערזאָן, ער האָט זיך אָפּגעזאָגט פון זעלבספּאָרטרעט, אָט דער ליבלינגפאָרם פון יונגע, ס׳ראָוו לירישֿ־געשטימטע קינסטלער.

און דאָך איז ער קיין טיפּישער, אָביעקטיוו־באַשרייבנדיקער קינסטלער נישט געוואָרן. ווי אַרום?..

ווייל ביינוש שטיימאַן האָט פאַרמאָגט דעם מוט צו גאָרנישט זיך נישט צוצופּאַסן, ער האָט אָבער פאַרמאָגט אויך אַ גרויסע, קאַמאַט פאַנאַטישע פאַרגלויבקייט, אָן אינערלעכע קרוווּעשאַפט צו דעם שאַפּונגווילן פון זיין צייט און דער האָט עס אים פאַר זיך אונטער־געוואָרפן, צו זיך צוגעפּאַסט. עפּעס איז אין דער דאָזיקער צייט זיינס געווען אַזעלכעס, וואָס האָט צו זיין טיפסטן וועזן גערעדט.

און דערפון האָט זיך געשאַפן דער קאָלאָריט, וואָס שוועבט אַרום שטיימאַנס ווערק.

אין די דאָזיקע ווערק, וואָס שטייען ליפנים אויסער צייט, אויסער אָרט און אויסער געוויינלעכער מענטשלעכער האַנדלונג, איז דער קאָלאָריט אַ טאָפּלט־פאַרביקער.

— אַ טייהו־וואָוויהודיקער פאָן פון אורגעשיכטלעכע געשעענישן, קאַטאַסטראָפאַלע אויסברוכן פון מאַסן־ענערגיע און דערבײַ די העלע, אומגעשראָקענע ליכט, וואָס פאַלט אף דער דאָזיקער טויזנט־קעפּיקער מאַסע, באַהערשט זי און באַלייכט פאַר איר דעם וועג צו דער נאָענטער, צו דער שוין אָנקומענדיקער אויסלייזונג...

אין כאַאָטישן געווימל פון מענטשלעכע געשטאַלטן טרעפט זיך דאָ נישט קיין איינער אָן אַ צובונד צום גאַנג פון דעם גרויסן געשעען און אין דעם וואולקאַנישן געשעען לעבט איין מאָמענט נישט אויסער דעם ריטם פון דער געאולע, וואָס גייט, וואָס קומט, וואָס איז שוין דאָ...

אַזעלכעס וועט מען באַ אונז אין אַלע צייטן שוין אָנרופן: ס׳איז שטיימאַנישעס...
אַזעלכעס וועט אונז שטענדיק דערמאָנען: געווען באַ אונז אַ שטיימאַן...

## II.

אין די קאַטאַסטראָפעס, וואָס געשעען אין גאַנג פון שטיימאַנס דראַמען, איז פאַראַן אַ זעלטענע אומפאַרמיידלעכקייט.

בעשאַס מע לייענט „משיח בן יוסף" קומט ניט ווילנדיק אַפן זינען אַ כאָלעם, וואָס האָט זיך אַמאָל געכאָלעמט בייראָנען.

„די זון האָט זיך", דערציילט בייראָן: „אויסגעלאָשן. מענטשן האָבן גענומען אָן דער זון צו לעבן, באַ שייטערהויפנס פאַרזאַמלטע. פון קעלט און אינערלעכער פאַריאָסעמטקייט געדריקטע. טומלען זיי באַ די שייטערהויפנס און עס איז ניט קלאָר: איז עס נאָך וועלט, צי שוין אויס וועלט? איז עס נאָך מענטש, צי שוין אויס מענטש?".

אין שטיימאַנס „פאַרגליווערטער וועלט", וואָס זאָגט איידעס און פאַרציילט פון „לילים טויזנטיעריקער הערשאַפט, ווען די זון איז שוואַרץ געוואָרן, ווי אַ זאַק, די לעוואָנע — רויט, ווי בלוט, די שטערן דערשראָקן און פאַרשוואונדן; ווען דער מענטש האָט זיין צעלעם־עלעהים פאַרלאָרן" אין דער דאָזיקער וועלט איז ווירקלעך נישט קלאָר: איז עס וועלט, צי שוין אויס וועלט?

און באַווייזט זיך ווידער פאַר דער וועלט די זון, הערן זיך מיט אַמאָל שטימען:

– א ײ נ ע ר פ ו ן פ אָ ל ק (שרייט פלוצלונג): – אָ! זעט! זעט!..

– צ ו ײ ט ע ר: – וואָס איז?

– ד ר י ט ע ר: – אַ פייער אין הימל!

– פ ע ר ט ע ר: – גלייך, ווי אַן אויג.

– פ י נ פ ט ע ר: – גלייך, ווי אַ ליכטיק אויג.

– ז ע ק ס ט ע ר: – עס וואַרימט, עס ברענט.

– ז י ב ע ט ע ר: – וואָס איז דאָס?

– אַ כ ט ע ר: – וואָס קאָן דאָס זיין?

– א ײ נ ע ר: – דאָס איז דאָך זון.

– צ ו ײ ט ע ר: – זון, זון.

– ד ר י ט ע ר: – דאָס איז דאָך זון!

– פ ע ר ט ע ר: – זון! זון!

– פ י נ פ ט ע ר: – אַמאָל האָט זי שטענדיק געלייכט, געלייכט און געוואַרימט.

– ז ע ק ס ט ע ר: – דער זיידע האָט פאַרציילט, אַז איר פּאָנים איז גאָלדיק־העל, פורפור־רויט...

אין דער דאָזיקער וועלט, וואו דער זונס שטענדיקער לייכטן האָבן נאָר זיידעס געזען, זיינען די קאַטאַסטראָפן, וועלכע שטיימאַן מאָלט, אומפאַרמיידלעך און גרויס.

אָבער קיין אַנדער אויסזען האָט אויך נישט די וועלט פון דער דראַמע: „באַם טויער". מיט שאַרפע ליניען צייכנט שטיימאַן די וועלט פון אייראָפּעס מיטלאַלטער, וועלכע ער שטעמפּלט אָפּ מיט איין טרעפנדיקער רעמאַרקע:

– „אין צענטר אַ גרויסער בנין – אַ טפיסע. אַפן הינטערגרונט – קלויסטערס" און אויך דאָ, וואו עס קלינגען די קלויסטערגלאָקן:

ער וועט ניט אופשטיין,
ער וועט ניט קומען,
ער איז געשטאָרבן,
ער איז געשטאָרבן,
געשטאָרבן, געשטאָרבן, געשטאָרבן...

אויך דאָ איז, דאַכט זיך, די זון אַף אייביק אויסגעלאָשן געוואָרן.
און ווען שטיימאַן קריצט, ווי אַף שטיין, אַלע שווידערלעכסטע גרימאַסן פון מענטש-לעכן האַס, ווען ער דעקט אויף דעם העסלעכן פּאָנים פון אייראָפּעס מיטלאַלטער, דאַמאָלסט פרעגט זיך ווידער און ווידער, ווי אין בייראָנס כאָלעם:
— אַ וועלט, צי שוין אוים וועלט? אַ מענטש, צי שוין אוים מענטש?..
און ביינוש שטיימאַן ענטפערט דערויף: אַזאַ וועלט און אַזאַ מענטש — סטיכיען.
און די דאָזיקע סטיכיען גייען עס אום אַפן פּאָן פון שטיימאַנס דראַמען.

III.

געפלאַנט איז די „געאולע“, וועלכע פאַראייניקט אַלע דריי טעאַטערשטיק שטיימאַנס, ווי אַן עפּאָפּייע, נאָך מער, ווי אַ לעבן-עפּאָפּייע, דאָס הייסט אַזעלכע, וועלכע מ׳שרייבט, ווי עפּעס באַשערטעס, פאַר וועלכע מ׳גיט אַמאָל אַ גאַנץ לעבן אָפּ.

און ווער ווייסט, וועלכע ניואַנסן וואָלט נאָך שטיימאַן אין דער האַנדלונג פון דער עפּאָפּייע אַריינגעבראַכט, ער זאָל געווען ווייטער לעבן בלייבן. אין איין זאַך קאָן מען אָבער זיכער זיין: ער וואָלט דעם „העלד“ פון זיין עפּאָפּייע נישט געענדערט. דער דאָזיקער העלד איז די סטיכיע, וואָס הייסט פאָלק.

נישט דער אידישער פאָלק, נישט דער קריסטלעכער פאָלק פון מיטלאַלטער, נאָר דער פאָלק, ווי אַ נאַטור-קראַפט, ווי אַ סטיכיע, איז שטיימאַנס פאָלק. און צו דער מאַדרייגע פון אַ נאַטור-קראַפט איז דער פאָלק באַ שטיימאַנען געבראַכט געוואָרן.
ער האַסט און ליבט אַזוי אינסטינקטיוו און מעכטיק, ער זינדיקט און טוט טשוואַ אין אַזאַ גרויסער זעלבספאַרגעסנקייט, אַז קיין איינצעלנע מענטשלעכע טנועס בלייבן נישט פאַר די אויגן שטיין.
אַ נאַטור-קראַפט פאַר זיך איז שטיימאַנס פאָלק סיי מיט זיינע וואולקאַנישע אויסברוכן, סיי מיט דער אומשולדיקייט אין אַלע צייטן און באַ אַלע אומשטענדן.
מיט דעם זעלבן אויסגעשריי „טאָ-נאַ-דיר! טאָ-נאַ-דיר!“ ווערט איינמאָל „יעשו“ פון שוימער געשטאָכן און ס׳אַנדער מאָל „משיח בן יוסף“ פון האַמוין פאַרשטיינערט. און אין דעם אויסגעשריי ליגט אַזוי פיל סטיכייאישע זעלבספאַרניכטונג, אַז עס ווערט פאַרשטענדלעך דער לויטערער שמייכל, וועלכן שטיימאַן האָט אַף דער דאָזיקער סטיכיע אַראָפּגעשמייכלט.
אָט שטייט פאַר אַן אידן פאַרברענונג — אין „באַם טויער“. — ס׳וועט דיר פאַרדריסן — רופט מיט זיך דער עלטסטער פון די שאָמרים יענעם, וואָס האָט אָקאָרשט „יעשו“ דערשטאָכן — ס׳וועט דיר פאַרדריסן, אַזאַ פאַראַד... דער פירשט, די פירשטין און דער גאַנצער אַדעליקער הויף... ס׳וועט דיר פאַרדריסן...
און עס פילט, מאַשמאָעס, אויך דער פאָלק אַרום, אַז עס וועט פאַרדריסן נישט צו זיין דערביי. דער פאָלק יובלט:
דער אוילעם: — אַך וועט דאָס זיין אַ יאָנטעף! וועט דאָס זיין אַ יאָנטעף! זיין מאַיעסטעט, דער פירשט, די פירשטין, די ריטער און די דאַמען!..
עס איז אָבער ניט קיין אידן-פאַרברענונג מיט איר געוויינלעכן קאָלאָריט. שטיימאַנס קאָלאָריט פאַרמאָגט שטענדיק דעם העלן ליכט, וואָס עפנט פּערספּעקטיוון פאַר דעם, וואָס געשעט. און אָט אין דער פּערספּעקטיוו טרעט אַרויס פון דער מיט פון האַמוין דער גע-זעצטער רייכער דינער, וואָס ווייסט, ווי אין פראַנקרייך דעם לאַנד באַגייט מען זיך אין אַזאַ פאַל, עס טרעט אַרויס דער אינגעלע, וואָס זינגט זיין ליד וועגן דעם איד פאַראַכטן, וואָס

„דער שאָטן איז זײַן טאַטע״, און ענדלעך, טרעט אַרויס אין דער שײַן זי, די אײַביק זיך געטרײַע פּרוי פֿון האַמוין, װעלכע שטײמאַן באַצײכנט סטאַם „די פּערטע״, און זי רופֿט עס:

— קרײַנעלעך, האַרצעלעך, קוקט נישט אַף זײ (אַף די אידן). מען טאָר אַף זײ נישט קוקן: זײער בליק שיקט אָנעט װיסטע קרײַנק, מאַגײפֿעס...

עס בלײַבן מער ניט קײן שולדיקע פּאַר די אויגן. עס בלײַבן מער ניט קײן האַסנדיקע מענטשן־פֿאַרברעכער. װי אַ לויטער שמײכל, פֿאַלט אָט דער נאַאיװ־גלויביקער אויסרוף אַף דעם בילד פֿון דער טויזנטקעפּיקער װילדער מאַסע.

און װען דער שמײכל שטײמאַנס צעװאַקסט זיך פֿון שורע צו שורע, װען ער באַהעלט דעם בילד פֿון גרויסן האַמוין און עפֿנט פֿאַר אים פּערספּעקטיװן, — דאַמאָלסט באַװײַזט זיך צוגלײַך מיט דעם כּאַאָטישן האַנדלען פֿון דעם פֿאָלק עפּעס אַזױנס, װאָס הערשט איבער דעם דאָזיקן האַנדלען, װי אַ געזעץ.

און דאַן קומט אין יעדן פֿון די דרײַ טעאַטערשטיק דער מאָמענט, װען עס צעהעלט זיך מיט אַמאָל די װײַטקײט פֿון שטײמאַנס עפּאָפּײע און עס אָטעמט פֿון דאָרט די גאולע, די קומענדיקע אויסלײזונג.

IV.

אין דעם מאָטיװ פֿון דער אויסלײזונג איז זיך שטײמאַן פּונקט אַזױ געטרײַ, װי אין דער שילדערונג פֿון פֿאָלק. עס איז נישט קײן רעליגיעז־באַאַרבעטער מאָטיװ פֿון גאולע, עס איז אויך ניט קײן צײַטלעך־געבונדענער פֿאַקט פֿון װעלכן עס איז היסטאָרישן פּעריאָד. װי עפּעס אומפֿאַרמײַדלעכעס, הײנגט די אויסלײזונג איבער דער האַנדלונג פֿון פֿאָלק און, איז בײַ שטײמאַנען דער פֿאָלק געבראַכט צו דער מאַדרײַגע פֿון אַ נאַטור־קראַפֿט, איז דאַמאָלסט די אויסלײזונג יענער פּאַטוס, װאָס איז פֿון אײן אָפּשטאַמונג מיט דער נאַטור און הערשט דאָך איבער איר.

צו דער אויסלײזונג פֿירט בײַ שטײמאַנען דער גאַנג פֿון די געשעעניש יעדן מאָל, װען עס איז אין זײ פֿאַרטאָן די סטיכײַאישע קראַפֿט פֿון פֿאָלק, װען עס איז אין זײ אַרײַנגעלײגט דער אימפּעט פֿון האַמוינס איבערלעבונג. און דערפֿאַר איז דער פֿאָרגעפֿיל פֿון דער קו־מענדיקער אויסלײזונג בײַ שטײמאַנס פֿאָלק אײַנגעבאָרן, װי אַן אינסטינקט. דער פֿאָלק טראָגט אין זיך דעם אינסטינקט פֿאַרבאָרגן און שטײמאַן געטרויט דעם דאָזיקן אינסטינקט. ער לאָזט זיך פֿירן פֿון אים.

און דערפֿאַר איז אַזױ כאַראַקטעריסטיש אָנגעשטרײַנגט די פֿאָרשפּיל צו דער פּאָעמע „משיח בן יוסף״, װאָס דאַרף אויסדריקן די פֿאָרגעפֿילן, צו װעלכע עס איז מעסוגל שטײ־מאַנס פֿאָלק. עס זײַנען נישט די פֿאָרגעפֿילן, װעלכע מיר פֿאַרנעמען אין דער סצענע פֿון בײס־אוילעם אין שאָלעם אַש׳ס „שבתי צבי״, נישט פֿון דוירעס־לאַנג ערצויגענער מאָשיעך־דער־װאַרטונג רעדט זיך בײַ שטײמאַנען. שטײמאַנס גאולע־מאָטיװ איז אַ מער אינסטינקטיװער, אַ מער אַלמענטישלעכער, אַ מער סטיכײַאישער.

— אײנער (אַרײַנשרײַענדיק אין הײל): — ס׳איז גאַנץ שטיל. אינגאַנצן שטיל.

— אַ צװײטער: — איר קאָנט אַרויסגײן פֿון אײַערע באַהעלטעניש!

— אַ שטים פֿון אַ זאָקן: הערט זי ניט: װער װײסט, װאָס קאָן נאָך זײַן!

— אַ צװײטער זאָקן: — עפּעשער האָט עס זיך מיט אַ קיװן פֿאַרבאַהאַלטן קעדײ אונז צו פֿאַרנאַרן.

— דער פֿאָלק (דערשראָקן): טר־ר־ר, האָט עס געשריגן, טר־ר־ר...

קײן זאַך איז דאָ ניט אַזוי כאַראַקטעריסטיש, װי אָט דער מעטוסטעדיקער „עס", װעלכער הערט זיך פון יעדנס מױל אין דער דאָזיקער סצענע.

עס קומט די אױסלײזונג בײַ שטײמאַנען, אַ באַפרײַטע פון איר טראַדיציאָנעלן כאַראַקטער.

פערעצעס גײַולע, צוליב װעלכער עס קומט דער באַדכן באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק, יענע האָט געהאַט איר באַשטימטן אינהאַלט. װעלן די מײסים פון באַדכנס רוף ערװאַכן, װעלן זײ אָנהײבן װעלן, — דאַן װעט אײך די געאולע קומען; אַזױ כאַלעמט פערעץ.

װי עפּעס אַ מענטשן־װערק, פון דעם מענטשן אַ געשאַפענער, איז פערעצעס געאולע.

שטײמאַנס געאולע איז אומפאַרמײדלעך און פאַטאַל. זי איז דער רעזולטאַט פון פאָלקס היציקן ברױזן, זי איז דער שפּיץ, צו װעלכן די סטיכיע־פאָלק מוז און קאָן נישט דערגרײכן.

דערפאַר שפּירט זי דעם פאָלק מיט זײן אינסטינקטיװן כוש, דערפאַר האָט פאַר איר אָנקומען שטײמאַן קײן אַנדערע פאַרבן נישט אױסער די פאָרגעפילן פון דער טױזנטקעפּיקער מאַסע, װאָס קומט פאַר אונזערע אױגן אין „רױטן קינד" מיט אַזאַ גרױסער בױלעטקײט און שטײפקײט.

און דאָ געפינט שטײמאַן יענע נאַװאַטאָרישע קונסט־מיטלען, װעלכע גיבן אים די מיגלעכקײט פון פאָרגעפילן און אָנזאָגן צו שאַפן אַ מאָנומענטאַלן, פון שטײן געקריצטן בילד פון דער מענטשהײטס אױסלײזונג.

## V.

אין דער דראַמע „דאָס רױטע קינד", װאָס שטײמאַנס נישט געבונדקײט צו װעלכע עס איז ליטעראַרישע טראַדיציע טרעט אַרױס אַם שאַרפסטן, זײנען די סצענעס אַלע געבױט אַף אַ מערקװירדיקן אױפן: קײן מאָנאָלאָגן און דיאַלאָגן זײנען דאָ קאַמאַט, װי נישטאָ.

שטײמאַן גיט ביכלאַל װיניק זיך אָפּ מיט דער אַנטװיקלונג פון װעלכער עס איז אײנצעלנער פיגור אין פאַרלױף פון דער אָדער יענער דראַמע. די פיגור מעג בלײבן אײנע און די זעלבע, אָבער עס װאַקסט עפּעס אַרום איר, איבער איר און אומבאַמערקט װערט אױך דער מענטשלעכער װילן פון דער אײנצעלנער פיגור פאַרענדערט.

און שטײמאַנס פאָלק איז װירקלעך קײנמאָל נישט צו טרעפן אין רואיקן צושטאַנד. ער האַלט שטענדיק אין װאַקסן.

עס ליגט דעריבער אַזאַ טיפער זינען אין דעם מאָמענט, װען דער פאָלק קומט צום נאָװי אין דער דראַמע „דאָס רױטע קינד". נישט דעם באַדכנס װעקן פון פערעצעס „באַנאַכט אַפן אַלטן מאַרק" האָט שטײמאַנס פעלקערמאַסן אופגערודערט און נישט צו קײן מאָנאָלאָגן, נישט צו קײן דיאַלאָגן דאַרף שטײמאַן אָנקומען.

קעדײ צו געבן דאָס, װאָס װאַקסט אין װילן פון אַ גאַנצן פאָלק, זוכט שטײמאַן אױס זײן מיטל, װעלכן מ'דאַרף עפּשער אָנרופן די „ריטמיעשע האַנדלונג".

שױן פערעץ האָט אָפּטמאָל באַװיזן אין זײנע לעצטע דראַמען צו באַנוצן זיך מיט דעם ריטם, װאָס װערט אַרײנגעטראָגן אין דער דראַמאַטישער באַװעגונג גופא. בײַ פערעצן, װאו אַלע מאַסן־גרופן באַװעגן זיך אונטער דער אָנפירונג פון דער צענטראַלער פיגור, װי פון דעם באַדכן לעמאָשל, דאָ האָט די ריטמישע האַנדלונג געקאָנט נאָר בלײבן, װי אַן אָנ־צוהערעניש.

בײנוש שטײמאַן נוצט אױס דעם מיטל אין דער גרעסטער מאָס.

אַ געמאָסטענער, שטענדיק־וואַקסנדיקער אימפּעט לעבט אין אַלע קליינע און גרויסע מאָמענטן פון שטיימאַנס דראַמען, און פאַראייניקטע דורך דעם דאָזיקן ריטם פאַרלירן זיי דעם כאַראַקטער פון פאָרנעפילן, זיי ווערן מאָנומענטאַל, ווי דער פאָלק, וואָס איז שטענדיק פאָר די אויגן. און אין דער הינזיכט איז „דאָס רויטע קינד“ ווייט פאַרויסגעגאַנגען איבער אַלע איבעריקע ווערק שטיימאַנס. דער פאָלק קומט צום נאָווי, דער פאָלק מאַכט דורך מיט דעם נאָווי די גרעסטע קאָליזיעס און איבער דעם זינגט דער ריטם פון אַזאַ טיפער מאַסן־איבער־לעבונג, וועלכע לאָזט נישט גיין פאַרלאָרן קיין איינציק וואָרט פון די מעשוגענע פרויען, קיין איינציקן אויסרוף פון דעם נאָוויס יונגען.

שטיימאַן איז דערביי קנאַפּ אַף ווערטער, ער האָט צו טאָן מיט עלעמענטאַרע באַגריפן פון אַ פאָלקבאַוואוסטזיין, ער קאָן זיך נישט דערלויבן קיין באַזונדערע פאַרביקייט דאָרט, וואו עס הערשט די פאַרשפּיצטע האַוואַיע, דער מאַסן־אינסטינקט, די מאַסן־ליידנשאַפט. און זיין אויסדריקלעכקייט ווערט דאָ איבערגעגעבן קאַמאַט בלויז דורך אָט דעם שטענדיק־וואַקסנדיקן ריטם פון דער האַנדלונג.

ווי אַ גרויסער גלויביקער, האָט זיך שטיימאַן פאַרטרויט דעם שטורמישן ריטם פון געשעען, וואָס זיין רעוואָלוציאָנערע עפּאָכע האָט פאַרמאָגט, און, אַן אינערלעך־נאָענטער צו דער עפּאָכע דורך זיין פאַרבאָרגענעם פּאַפאָס און אומגעשראָקענעם קינסטלערישן באַנעמען פון סטיכייאישע אַקטן, האָט ביינוש שטיימאַן באַוויזן אין דריי קליינע טעאַטערשטיק צו שאַפן זיין אייגענעם קאָלאָריט.

אַזעלכעס וועט באַ אונז אין אַלע צייטן שוין אָנרופן: ס׳איז שטיימאַנישעס...
אַזעלכעס וועט אונז שטענדיק דערמאָנען: געווען באַ אונז אַ שטיימאַן...





דער ניסטער.

## באַ אונז אין ברונען.

ליגט אין דר'ערד באַ אונז אַ ברונען,
נישט פאַרצאַמט, נאָר ווינקלען פיר;
פירט אַראָפּ אַהין אַ לייטער,
ברייננגט דער לייטער צו אַ טיר.

איז די טיר פון הוילער נאַסקייט,
גליטשיק, שימלדיק פאַר האַנט,
נעמט מען אָן זי פאַר דער קליאַמקע,
עפנט אויף זיך אין אַ וואַנט.

גייט מען לאַנג דאָרט אין דער פינצטער,
אָן אַ סטעליע און אָן ווענט,
זעט מען דאָרט נאָך גיין לאַנגען:
ערגעץ ווייט אַ ליכטל ברענט.

אָן אַ פלאַם און צוגעשלאָגן,
ווייטלעך, קעלערדיק און רויט;
קומט מען צו צום ליכט, דערזעט מען:
שטייט אַ טורעם אופגעבויט.

הויך און אַלט, און שטאַרק פאַרעלטערט,
נישט געווייסט און נישט געשמירט,
און אַ גאַניקל מיט טרעפּלעך
אַוף אַרוף צום טורעם פירט.

אוף אַרוף צו יענעם אַלטן,
צום פאַרוואָרלאָזטן פון לאַנג,
וואָס אַ פאָן אַף אים זיך פענדלט
אַף זיין דאַך אַף פאָנען־שטאַנג.

פאָנט די פאָן אַף שטאָק, אַף העכסטן
פון פיל־שטאָקעדיקן הויז, —
וואוינט פון אויבן דאָרט אַ מיילעך,
וואוינט פון אויבן מיילעך־טויז.

מיילעך־טויז אַן אַלטער גרייז שוין,
און זיין באָרד ביז דר׳ערד דערגרייכט,
זיצט ער שוין אַף שטול באַשטענדיק
אַלט און מאַט, און אויסגעבלייכט.

שטענדיק אַלט, און מאַט, און מידלעך,
שטיל און אָנגעלענט מיט הענט
אַף דעם שטול און אַף פאַרענטשעס,
פאָר זיין צימערס הוילע ווענט.

מיט זיין קרוין און מיט זיין עלטער,
מיט זיין עלנטקייט אַליין,
קיינעם דאַרף דער מיילעך האָבן,
קיינעם וויל דער מיילעך זען.

קומט אים קיינער נישט באַפוילן,
קומט אויך קיינער נישט אַריין,
לעבט ער דאָרט אַזוי שוין יאָרן,
לעבט אַזוי טאָג־אויס, טאָג־אַיין...

נאָר אַ מאָל, אַ מאָל פאַרנאַכטלעך,
ווען די נאַכט אַהין קומט אָן,
הייבט זיך מיילעך פון דעם שטול אוף,
קרוין און אַנגסט דאַן אָנגעטאָן.

זיפצט און קרעכצט און שטייט פון שטול אוף,
צו אַ וואַנט ער דאַן געגענט,
אַף זיין שטאָק און אַף זיין שטעקן
מיט זיין קערפּער אָנגעלענט.

קומט צו וואַנט דאַן, צו אַ פענצטער,
שטעלט זיך אָפּ און האַלט זיך אויף;
האַלט דער טאָג שוין דאָרט בײַ אויסגיין,
קראַנקער טאָג בײַ קראַנקען סאָף.

בלײַבט דער מײלעך אַף באַשטאַנד דאָרט,
בײַ דעם שוועל פֿון פענצטער שטיין,
קוקט ער לאַנג אַרויס אינדרויסן,
וויל ער דאָרטן עפּעס זען.

זעט ער נישט: שוין שוערלעך... טונקל...
נאָכן טאָג... שוין טאָג פאַרגאַן, —
נעמט דער מײלעך זיך צעשפּיליען,
זיך בײַ ברוסט צעבראַסטען דאַן.

און פון דאָרט אַרויסבאַקומען,
פון צעשפּיליעניש, פון לײַב,
וואָס פֿאַרשטעלט ס׳איז דאָרט געווען, —
טוט אין פֿענצטער דאָס אַ רײַב.

צינדט זיך אָן די זאַך בײַם פענצטער
פײַער־רויט און זיך צעברענט,
זעט מען דאַן: אין האַנט בײַם מײלעך
מײלעכס האַרץ מען דאַן דערקענט.

ברענט זײַן האַרץ, ווי אַ לאַמטערן,
שויבל־רויט און רויטלעך מילד,
האַלט דער מײלעך דאָס בײַם פענצטער,
זעט מען דאַן אַזאַ מין בילד:

מײלעך שטײט אַף שטאָק, אַף העכסטן,
מיט לאַמטערן לײַכט אַראָפּ,
לײַכט די ליכט אַרויס אינדרויסן,
שלאָגט די שײַן אַף הינטן אָפּ.

זעט מען דאַן: פון הינטן, הינטן
אַף אַ ווײַטקייט אויסגעשפּרייט,
ליגט אַ טײַך דאָרט אויסגעגאָסן,
גרויסן טײַך מען דאַן דערזעט.

איז עס גרויס אין טײַך צעוואָרפֿן
פון פאַר טורעם, אין דער טיף,
זעט מען: שטיל פון האָריזאָנטן
קומט פון ווײַט דאַן אָן אַ שיף.

שיף איז ווייט און פּאַכט מיט זעגלען
און מיט פאַן אַף זעגלבוים,
האַלט זי דאַן אין אָנהייב קומען
און פון ווייט זיך ווייזן קוים.

קומט זי נעענטער און נאָענט,
קומט אַף מיטן טייך דאַן שיף,
זעט מען דאַן: אין מאַלכעס־קליידער
זיצט אַף שטול דאָרט מאַלקע־מיף.

מאַלקע־מיף איז רייך און פּרעכטיק,
נאַכט און מאַלכעס־טייערקייט,
און באַצירט מיט אַל׳באַצירונג,
גאָלד און גין־גאָלד אָנגעקליידט.

זיצט אַף שטול זי א באַזעצטע,
אַף פאַרענטשעס אָנגעשפּאַרט,
ליגט באַ איר א קנעכט צופוסנס,
אַף איר מינדסט באַגער ער וואַרט.

ליגט און קוקט איר אין די אויגן,
אין די נאַכטישע צעשטראַלט,
און די מאַלקע אין באַרוטקייט,
אירע אויגן דאַן בריליאַנט.

שטראַלט און רוט און זיצט אַף שטול דאָרט
אַף איר הויך־באַשטימטן אָרט, —
מיט איר קנעכט, מיט איר געטרייסטן
אַף דעם טייך אין טעכער פּאָרט.

פּאָרט פאַרבײַ פאַר ברעג און ברעגעס,
און באַ ברעגעס זיך נישט שטעלט,
זעט מען זי פון אַל׳די טורעמס,
אַל׳מעלאָכים זי געפעלט.

אַלט און יונג און אַל׳מעלאָכים
מאַלקע־מיף אין טורעמס בעט,
זעלטן הערט זי אָבער ווען,
זעלטן ווען אַף דר׳ערד זי טרעט.

נאָר אַ מאָל, אַ מאָל פאַרנאַכטלעך,
אַז פון פאָרן זי ווערט מיד,
און פון וואַסער, און פון ברעגעס
שוין מיט אָוונט, שפּעטקייט צייט,

און די פאָן זיך פאָנט פאַמעלעך,
און אַף טייך דאַן ווערט שוין שפּעט,
מאַלקע־מיף דאַן פונדערוויטנס
אַלטן טורעם דאַן דערזעט.

טורעם הויך אַף הויכע פעלזן
קוקט פון בּרעג אַף נאַכט אַראָפּ
און מיט שטאָקן, און מיט אַלטקייט
שפּיגלט שפּיל אין טייך זיך אָפּ.

איז ער טויט דאַן, טויב און פינצטער,
טויט די פענצטער, שטאָק און ווענט,
נאָר אַף העכסטן שטאָק דאָרט לייכט זיך,
אין אַ פענצטער פייער בּרענט.

בּרענט אין העכסטן דאָרט אַ פייער,
טורעם הויך און פענצטער קליין,
פינקלט שוין פאַר טייך פונוויטנס,
טוט די מאַלקע דאָס דערזען.

טוט דערזען זי דאָס פונווייטנס,
טוט צו קנעכט זי דאַן אַ וואונק,
און דער קנעכט פון איר צופוסנס,
פון פאַר מאַלקע טוט אַ שפּרונג.

און אַ לויף אַוועק צום רודער,
און דעם רודערמאַן בּאַפוילט:
– ס'האָט די מאַלקע נאַכט אַף אָפּרו
אַלטן טורעם אויסדערוויילט.

נעמט דער רודערמאַן דאַן פירן,
וואו ער דאַרף און ווי ער ווייסט,
ווי דער קנעכט האָט אים בּאַפוילן
און ווי מאַלקע וויל און הייסט.

דרייט אוים שיף פון ווייט און אָנקום
און אַ זעגל ער צעשפּרייט,
דאַן אַף טייך אַף מיטן לאָזט זיך
און אַף טורעם גלייך ער גייט.

גייט ער לאַנג און שטיל צו בּרעגעס
בּיז צו טורעמבּרעג קומט אָן,
שטייגט די מאַלקע אַף דער ערד דאַן,
פּראַכט אין מאַלכעס אָנגעטאָן.

אונ באַפּוצט מיט אַל׳באַפּוצונג,
אין באַנאַכט־קלייד אָנגעקליידט,
מיט איר קנעכט, ער האַלט זי אונטער,
און אַף דר׳ערד ער זי באַלייט.

שטייגט אַראָפּ און קומט אַף ערד דאַן
פיס אין גאָלד און גאָלדן טרעט,
דאַן פון העכסטן שטאָק פון פענצטער
מיילעך מאַלקע דאַן דערזעט.

זי דערזעט און ער דערפרייט זיך,
עפנט פענצטער באַלד אין וואַנט,
און מיט ליכט ער בויגט זיך איבער,
מיט לאַמטערן אין זיין האַנט.

לייכט אַראָפּ, אַראָפּ צו מאַלקע,
און באַגעגנט זי מיט שיין,
און ער בענטשט דאַן איר וואויל־קומען,
בעט אין טורעם זי אריין:

— און געבענטשט זאָל זיין איר קומען,
און געהויכט איר טייער קרוין!
זאָל די מאַלקע טייקעף אופגיין,
זאָל די מאַלקע לעבן שוין!

פאָלגט דאַן מאַלקע: שטייגט אַף טורעם,
און דעם קנעכט זי לאָזט אַליין,
פאַר דעם גאַניקל מיט טרעפּלעך,
פאַר אין טורעם אופצוגיין.

און אַליין גייט אוף אַף אויבן,
הייבט פון שטאָק צו שטאָק זיך אוף,
ביז זי קומט צו גיין צום העכסטן,
קומט צום העכסטן שטאָק אַרוף.

קומט דאַן צו, דאַן שטייט באַ טיר שוין,
וואַרט זי מיילעך שוין מיט ליכט,
קומט אַנטקעגן און באַשיינט זי,
איר געקרוינטקייט און געזיכט.

און ער ברייננגט זי אין זיין צימער,
און זיין שטול ער טרעט איר אָפּ,
און ער נעמט באַ איר די קרוין צו,
נעמט פון קאָפּ זי איר אַראָפּ.

נעמט אַראָפּ און לייגט אַוועק זי,
און אַליין פֿאַר איר בלייבט שטיין,
זי אין ליכט פֿון זיין לאַמטערן,
און באַלויכטנקייט צו זען.

זי צו זען און זי צופֿרעגן:
טאָמער מאַלקע עפּעס וויל,
וויל די מאַלקע אָבער גאָרנישט,
זיצט נאָר שווייגנדיק און שטיל.

זיצט נאָר שווייגנדיק און רעדט נישט
עפּעס שטילערהייט פֿאַרקלערט,
און זי רוט נאָר אָפּ פֿון אופֿגיין,
און דער מיילעך איר נישט שטערט.

קוקט זי לאַנג אַזוי אַף מיילעך,
און זיין אויסזען אים באַטראַכט,
און זיין שטיין און זיין זיך־האַלטן
מיט לאַמטערנדל אַף נאַכט.

קוקט זי לאַנג, ווי זיין לאַמטערן
לויכט מיט לעצטן ליכט שוין שוואַך,
ליכטיק ביעס האָט שוין ווייניק,
טויטע שיינען האָט אַ סאַך.

אַרט עס זי און אים באַדויערט:
לעצטע שיין וואָס ברענגט ער אויס, —
בעט זי אים די האַרץ אומקערן
און זיין ברוסט צוריק אין שויס.

זאָל ער האַרץ צוריק באַהאַלטן
אין זיין שויס, צוריק צו ברוסט:
אַן אַווייַרע ליכט פֿאַרשווענדן,
שאָד דאָס אויסברענגען אומזיסט.

פֿאָלגט דאַן מיילעך: קערט די האַרץ אום
און באַהאַלט זי, וווּ געווען, —
בלייבן ביידע אין דער פֿינצטער,
מאַלקע — זיצן, מיילעך — שטיין.

איז אין צימער שטיל און פֿינצטער,
אָן קיין ליכט און קיין שום שיין,
נאָר פֿון יענער זייט פֿונדרויסן
קוקט די טורעם־נאַכט אַריין.

קוקט אַריין... אַזוי פאַרברענגען
מיילעך, מאַלקע גאַנצע נאַכט,
ביז פון יענער זייט פונדרויסן
בלאַסער טאָג שוין דאָרט דערוואַכט.

הייבט אינדרויסן אָן צו טאָגן,
מיט אַ טורעמטאָג פון דאָרט,
נעמט די מאַלקע דאַן פאַמעלעך,
שטיל זיך אופהייבן פון אָרט.

הייבט זיך אוף פון שטול און זיצן
און באַם מיילעך בעט איר קרוין:
ס'איז די צייט איר שוין געקומען,
צייט אַף שיף צו שטייגן שוין.

גיט דער מיילעך קרוין דער מאַלקע
און צו אָנטאָן זי דערלאַנגט,
און געזעגנט זי, און בעט זי,
און איר ווידערזען פאַרלאַנגט.

זאָגט די מאַלקע צו צו קומען
און דער מיילעך זי באַלייט
איבער שוועל און ביז אַראָפּגיין,
ביז דעם צווייטן שטאָק זי זעט.

שטיל ער זעט זי דאָרט אַראָפּגיין
און צום לעצט מיט איר זיך גריסט,
דאַן קערט אום זיך אין זיין צימער
און די טיר נאָך זיך פאַרשליסט.

שליסט די טיר און קומט אין צימער,
צו זיין פענצטער דאַן געענט,
וואו פון דאָרט אַרויסצוקוקן
שטענדיק מיילעך איז געוויינט.

שטייט און קוקט און וואַרט אַף מאַלקע,
איר אַראָפּשטייגן ער וואַרט,
זעט ער זי שוין הינטן קומען
אַף איר דינער אָנגעשפּאַרט.

אָנגעלענט אַף קנעכט אַף טרייען
צו דעם שיף באַ ברעג שוין שטייט,
און דער רודערמאַן באַם רודער
זי שוין אופצונעמען גרייט.

גייט אַרוּף אַף שיף דאַן מאַלקע
און אַף שטול זיך דאַמאָלסט זעצט,
דרייט זיך אויס דאַן צו דעם טורעם
טוט אַ קוק אַהין צום לעצט.

און געזעגנט זיך מיט קוקן
מיט דעם מיילעך אין דער הויך,
זעט זי מיילעך דאַן אין טרויער,
טרויערט מאלקע דאַמאָלסט אויך.

קוקט זי שטיל אַזוי אַף מיילעך,
און דערנאָכדעם דרייט זיך אויס,
נעמט די אויגן צו פון טורעם,
נעמט זיי צו פון מיילעך=טויז.

און אַליין גיט באַלד אַ סימען
איר באַדינטן טוט אַ זאָג,
וויזט אַף צייט אים אָן און וואַסער,
און אַף היפּל פון פאַרטאָג.

טאָג אַף טייך גייט אוף אַף בלאַסן,
אויך דער היפל גייט דאָרט אוף;
גייט דער רודערמאַן אַף טרעפּל
אַף זיין טרעפּל דאַן אַרוף.

און ער נעמט אין האַנט דעם רודער,
און ער קערט אים און ער דרייט,
ביז די שיף פּאַמעלעך רירט זיך,
שיף פּאַמעלעכן שוין גייט.

גייט אַרויס און אָפּ פון ברעגעס
און אַף מיטן טייך שוין קומט,
און פון ברעג און פון פאַר טורעם
אין דעם היפל ווייט פאַרשווימט.

ווייט און ווייט אַרוף אַף וואַסער
פּאָנט זיך פּענדל אַף דעם שיף,
פירט אַוועק, אַוועק די מאַלקע,
פירט אַוועק די מאַלקע=מיף.

אוף אַרוף אַף יענע טעכער,
און וואוהין — וואוהין קיינער ווייסט,
אַלט=מעלאָכים נאָר אין טורעמס
אַף באַזוכן און אַף טרייסט.



* * *

אין דיין טורעם, אייביקייט,
אין דיין טורעם טאָגט...
איבער דיינע מויערן,
איבער דיינע טויערן
עמיץ נעוואוע זאָגט...

אין דיין טורעם, אייביקייט,
אין דיין טורעם מ׳ווייסט:
פענצטער שטרעקן העלזער אויס,
ווענט פרעגן בּאַ פעלזן אויס:
— דאָס, וואָס קומט, ווי הייסט?..

מ׳קלאַפּט אין טורעם, אייביקייט,
מ׳קלאַפּט אין טורעם דיין...
ניט בּאַשפּרעך די מויערן,
ניט בּאַשווער די טויערן —
איך קלאַפּ און כ׳וועל אַריין!..

||||||||||||||||||||

* * *

כ׳האָב מיט דעם שווייגן זיך געראַנגלט
אַ נאַכט.
כ׳האָב, ווי פון מיינע אָוועם איינער,
זיך אופגעשטעלט אין נאַכט אַליין נאָר
און כ׳האָב געלאַכט.

האָט פון פאַרגיינגלעכקייט געזונגען
די נאַכט.
און עמיץ ט׳שוין מיין שטאַלט געאָרעמט
און עמיץ ט׳זיך שוין ראַנגלענדיק דערוואַרעמט —
איך האָב געלאַכט.

און פלוצים: העלם האָט זיך פאַרגאָסן
אין נאַכט.
מיין פיינד האָט זיך צו דר׳ערד פאַרבויגן,
איך האָב פאַרקוקט אין זיינע גויסעם־אויגן
און כ׳האָב געלאַכט...

און לאַכנד כ׳האָב בּאַגלייט זיין שטאַרבן
אין נאַכט.
איך האָב געשטעלט פון אָנדיינקס־וועגן
א שטיין, וואו ס׳שווייגן איז געלעגן, —
און דער שטיין לאַכט...

||||||||||||||||||||

*   *
*

איך האָב צעבראָכן די העלע שפּיגלען
פון אַכטאונצוואַנציק מיינע יאָר...
איך האָב פון ענלעכקייט די זיגלען
אַראָפּגעריסן פון מיין וואר...
קאָן ביז־אַהעריקייטס שלאָס מיט קאָלאָנען,
מיט טיר־געשניץ, מיט קראַנץ־באַציר
מיך באַ מיין וועג צוריק אויסמאָנען,
ווען איך שפּיר:
געלייטערטע אין אופּרייס ציגל,
באַזוניקטע אין פליען שפּענער,
ווי אָדלערש־פלאַטערנדע פליגל,
באַפליגלען מענער,
באַפליגלען קינדער,
און בלינד, ווי איך, נאָך בלינדער,
זיי טראָגן זיך צו בלינדער ווייט אַוועק?..
איז עס מיין וועג.
און כ׳האָב צעבראָכן די העלע שפּיגלען
פון אַכטאונצוואַנציק מיינע יאָר,
און כ׳האָב פון ענלעכקייט די זיגלען
אַראָפּגעריסן פון מיין וואָר...





מ. שאַץ-אַנין.

## פֿון רוים צו צייט.

– געדאנקען צו א קולטורפילאָזאָפיע –

פאַר אונזערע אויגן ווערט פון ווילדן מענטשן-כאַאָס – די מ ע נ ט ש ה י י ט געבאָרן. דער אוראַלטער הימל-אידעאַל, וואָס איז געווען פאַרגראָבן טיף אַפן נעשאָמע-דעק פונם פאַר-כאָלעמטן יאָכיד, באַקומט פלייש און בלוט. אַלץ, וואָס האָט זיך ביז איצט מיטן מענטשן געטראָפן, איז געווען פאָרגעשיכטע פון דער גאַנצער איינהייטלעכער מענטשהייט. עס קומט אַ נייער וועלטמענטש מיט אַ נייער איינהייט פון דיינקען, וועלן און פילן.

אָט דער גרויסער מעכטיקער פאָרגעפיל לעבט-ראַעשט אין אונז, וואָס שטייען אַפן שוועל און דאַרפן, אויב נישט אַליין ווערן, איז ז ע ן דעם דאָר פון גרויסער באַנייאונג.

און ווער פונם שוועלן-דאָר קאָן זאָגן, וואָס איז אין אונז טויטע יערושע און וואָס שפּראָצנדיקער וועלטבאַגינען? און וואו איז די נייע מאָס?

האָבן די „ציוויליזאַציע-היטער" פון גרויסן שליאַך פאַרענטפערט די פראַגע, וואו ענדיקט זיך אין זייער ציוויליזאַציע די קולטור, און וואו הייבט זיך אָן די אידעאָלאָגישע טפיסע און צוואַנג-העמד פאַר דער מענטשלעכער „אַרבעט-כאַיע"?

מיר וואונדערן זיך ניט, וואָס אין אונז דונערט אָפטמאָל אַ קאָל פול האַס און צאָרן: פאַרגעס! אַלץ פאַרגעס פון ז יי ע ר אָווער! קיין זייכער זאָל ניט בלייבן אין וועלט פון דיין זיקאָרן. דו ביסט דער ערשטגעבאָרענער. הינטער דיר איז – טייהו-וואָווייהו. פונדאָסנֵיי שאַף דיין וועלט, וואו די נויט פון אַרבעט ווערט פאַרביטן דורך פרייד פון שאַפן.

און באַלד ווידער טאָקט אַ קאָל, שטיל, אָבער זיכער: פון גאָרנישט קאָן מען גאָרנישט ניט שאַפן. און האַקסטו אינגאַנצן איבער דעם פאָדים, וועט קיינער אים ווייטער ניט שפינען.

דער פאָרשפּיל פון דער מענטשהייטגעשיכטע האָט זיך געענדיקט. איצט ערשט מוזן די לייטמאָטיוון פון דער אואווערטיורע קומען צו זייער פולער אַנטפלעקונג. און אומעטום זוכט מען אין בייקשאַפט און צאַר דעם רויטן לייטמאָטיוופאָדים. און אַלע זוכענישן פירן – צום צ יי ט פ אָ ד י ם.

– ר ו י ם א ו ן מ ע נ ט ש –

די וועלטעוואָלוציע באַשטייט אין אופשטייגן פון דער „מאַטעריע" צום „גייסט", אינם אליינבאַוואוסטווערן פונם קאָסמאָס: ש ט י י ן – פ ל אַ נ ץ – כ אַ י ע – מ ע נ ט ש – מ ע נ ט ש ה יי ט.

מעטאַל-שטיין – טיף אין דער ערד. פלאַנץ – האַלב א י ן דער ערד, האַלב אַ ף דער ערד. באַ ש ע פ ע נ י ש ן אָ ן כ ו ט א ש ע ד ר ע – איינג צוזויפגעבונדן מיט דער ערד-פלאַך. פ י ש – אָרגאַניש באַהעפט מיט דער וואַסערפלאַך. ר ע פ ט י ל י ע ן (קריכעדיקע) – מיטן גאַנצן גוף אַף דער ערדפלאַך. כאַיעס – פירפיסיקע. מענטשן – צווייפיסיקע.

אַזאַ בילד פון אונטן אַרוף מאָלט אונז די טעאָריע פון דער עוואָלוציע.

דאָס זיינען עטאַפּן פון אַ גרויסן וועלטוועג. „טויטע מאַטעריע" ווערט „באַלעבט", באַקומענדיק באַוועגונג, צוערשט אין איין ריכטונג, דערנאָך אין אַלע ריכטונגען. לעבעדיקע „מאַטעריע" – אין אָנהייב אינסטינקטיוו, אומבאַוואוסט, וואָס ווייטער אַלץ באַוואוסטער, קלאָרער, גייסטיקער. אָט האָט „גייסט" זיך דערשלאָגן גלייכבאַרעכטיקונג מיט „מאַטעריע" און שוין פלאַקערט זיך פאַנאַנדער דער קאַמף פון „גייסט" פאַר דער פולער וועלטהערשאַפט.

דורכן פּאַסיוון וועלטגאָר טראָגט זיך אַן אַקטיווער קויעך. דער טרעגער פֿון דעם קויעך איז דער מענטש. ער פאַראייניקט אין זיך די אינערציע פון דער וועלט=„מאַטעריע" מיט דער פרייהייט פונם וועלט=„גייסט". אין מענטשן טרעפן זיך אינאיינעם אַלע וועלט=הייפוכים: אין אים ווערט געבאָרן אַן אויבן און אַן אונטן — הימל און ערד, גאָט און טייוול. אין אים באַגעגענען זיך, ווי צוויי פֿיינד: קולטור און נאַטור. אין אים און דורך אים קומט פֿאָר דער וויטערדיקער אופשטייגן פונם רוים צו דער צייט.

רוים און צייט זיינען בעשום אויפן ניט באַגריפֿן, וואָס קאָנען אַנטקעגנגעשטעלט ווערן איינער דעם אַנדערן אין איין פֿלאַך, ווי דאָס האָט געטאָן די ביואיצטיקע פילאזאפיע. די באַציאונג פון רוים און צייט איז די אייגענע, ווי די באַציאונג פון לעבן און טויט. לעבן איז דער רעאַלער וועלטבאַוועגנדיקער קויעך. טויט איז נאָר די קאָנסטאַטירונג פונם פאַקט: ניטאָ קיין לעבן.

צייט איז דער גרעסטער און העכסטער באַגריף פון לעבן, זיך באַוועגן, דיינקען, וועלן. צייט איז דער יעסאָד פון יעדער דערפאַרונג, די מוטער פון „גייסט", פונם באַוואוסטזיין ביכלאַל, די פאָרם פון פאַרבינדונג פון אלע איינצלנע באַוואוסטזיין=אינהאַלטן, נאָר אין דער צייט און דורך דער צייט ווערט די וועלט מיגלעך אַלם איינהייט, אַלם פראָצעס. רוים איז אין טאך געגוי אַזאַ „ניטרעאַלער" באַגריף, ווי טויט. רוים הייסט — וועלט אָן צייט, מיט אַנדערע ווערטער, אַ ריינע אַבסטראַקציע אָן לעבעדיקן אינהאַלט. אַפילע ריין מאַטעמאַטיש=פיזיקאליש איז דער באַגריף רוים א פראָדוקט פונם צייטבאגריף. די ליניע איז אַ רעזולטאט פֿון דער באוועגונג (צייט!) פונם פונקט. די פלאך — באוועגונג פון דער ליניע. דער פאַרנעם (אומפאנג, אָביאָם) — באוועגונג פון דער פלאך. קורץ, אלע רוימדערשיינונגען זיינען צייטפראָדוקטן.

די מאָדערנע וויסנשאפט האָט שוין אָפּגעגעבן אין ארכיוו דעם סיאווערענעם רוים=באגריף. זיין אָרט האָט פארגומען רוימצייט. די קינדערשע אַבסטראקציע=וועלט פון דריי אויסמעסטונגען (דימענזיאָנען) ווערט רעאל, לעבעדיק נאָר דורך דער פירטער צייט=אויסמעסטונג.

דער מאָדערנער צייטבאגריף, ווי ער איז אנטוויקלט געוואָרן אין דער לעצטער צייט פילאָזאָפיש, מאטעמאַטיש און פיזיקאליש דורך בערגסאָן, מינקאָווסקי, איינשטיין א. א., איז אין דער אייגענער צייט — א טויטאורטייל פארן אלטן מעטאפיזישן באגריף „גייסט".

„גייסט" איז שטענדיק געווען אַ פילאָזאָפישער נויטבאַהעלף, וואָס האָט נים געקאָנט באַהאַנדלט ווערן ריין וויסנשאַפטלעך, איך רייד שוין ניט פיזיש=מאַטעמאַטיש. ער איז געווען ריין -- „גייכטיק"=ספעקולאַטיוו.

דער היינטיקער צייטבאַגריף פאַראייניקט אין זיך די העכסטע פילאָזאָפישע פאַראלגעמיינערונג מיט דער קאָנקרעטסטער מאַטעמאַטיש=וויסנשאַפטלעכער אויסמעסטונג, דעם אינטענסיווסטן עטישן וועלט=ווילן=אינהאַלט מיט דער גענויסטער לאָגישער אויספאָרשונג=מיגלעכקייט.

דעריבער באַהויפּט איך: אַף וויפיל אונזער דיינקען נויטיקט זיך אין אַנטיטעזן (הייפוכים) צו פאַרלייכטערן די אויספאָרשונג, איז די אַנטיטעזע פון „מאַטעריע" און „גייסט" היינט פאַר אונז אינגאַנצן טויט. און איר אָרט מוז פאַרנעמען די אַנטיטעזע: רוים און צייט. און די פאַראַלטערטע פילאָזאָפישע אַנטקעגנשטעלונג פון מאַטעריאַליזם און אידעאַליזם מוז פאַרביטן ווערן דורך — טעמפּאָראַליזם און ספאַציאָניזם*).

---

*) טעמפּוס — לאַטייניש: צייט; ספאַציאום — רוים.

## – רוימ̇מענטש און צייטמענטש –

אַפן געביט פון וועלטהיסטאָרישע באַטראַכטונגען איז די פּאָפּולערסטע אַנטיטעזע: נאַטור און קולטור. קולטור – דער באַוועגנדיקער, גייסטיקער, אַקטיווער מאָמענט פון דער געשיכטע. נאַטור – דער פּאַסיווער, מאַטעריעלער, אינערטער אָביעקט פון דער געשיכטע. ליגט ניט אין יעסאָד פון אָט דער טיילונג אונזער קאָסמישע אַנטיטעזע: רוים און צייט? דער קולטורמענטש שאַפט אַקטיוו די געשיכטע אין דער צייט און מיט דער צייט. דער נאַטורמענטש לעבט איבער אַ געוויסן היסטאָרישן גוירל פּאַסיוו אין רוים, מיטן רוים.

קולטור איז די קראַפט, וואָס גיט דער געשיכטע אַ ריכטונג. ריכטונג אָבער איז דער סינאָנים פון צייט. – די העכסטע קאָמפּאַרענע צווישן רוים און צייט, נאַטור און קולטור איז – דער מענטש. דער מענטש אַלס „מאַטעריע" איז רוים. אַלס „גייסט" – איז ער צייט. אינם מענטשן קומט פאָר די פאַרצייטלעכונג פון רוים, די קווינטעסענץ פון דער געשיכטע, דער אַליינבאַוואוסטווערן פונם קאָסמאָס, דער גאָטווערן פון „מאַטעריע". דער רוימ̇מענטש שטרעבט אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך די קייטן פון דער אייזערנער „קויזאַליטעט", ד. ה. פון סיבע און פועל־יוצא. און אַף וויפיל דער „גייסט" באַפרייט זיך פון די קייטן און ס'וואַקסט דער צייטמענטש, שטרעבט ער זיך אונטערטעניק צו מאַכן, צו באַהערשן אַלע פאָרמען פון רוים – די גאַנצע וועלט.

דער רוימ̇מענטש געהערט צו דער נאַטור און באַנעמט זי מיט זיינע אויסערלעכע געפילן, כושים. דער צייטמענטש איז דער טרעגער פון קולטור און שאַפט זי מיטן טיף=אינעווייניקסטן קויעך פון פאַרנומפט און אינטואיציע. עס זיינען ניטאָ קיין ריינע רוימ̇מענטשן, ווי עס זיינען ניטאָ קיין ריינע צייטמענטשן. די קאָנקרעטע קאָמבינאַציע פון ביידע מאָמענטן בילדן די גלייכווירקנדיקע ליניע פון דער מענטשלעכער געשיכטע אין דער געגעבענער עפּאָכע.

די ווערקצייג פונם רוימ̇מענטשן זיינען – אָנטאַפּן, שמעקן, ריכן, זעען, הערן.

אָנטאַפּן – הייסט אופנעמען די וועלט אין צוויי אויסמעסטונגען – לייִנג און ברייט. שמעקן און ריכן איז דער אינעווייניקסטער אָנטאַפּן. זעען – אָנטאַפּן מיט די אויגן – איז אין דעם ריינער געשטאַלט אויך צווייִדימענזיאָנאַל. ערשט דורך דער צוציאונג פון דער באַוועגונג אין דער טיף, ד. ה. דורכן צייטמאָמענט, נעמט אַרום די אויג די וועלט אין דריי אויסמעסטונגען. הערן איז די העכסטע מאַדרייגע פון רוימבאַנעמען, וואָס גרענעצט שוין מיט ריין צייטלעכער וועלטאופאַסונג. זייענדיק אינגאַנצן צונויפגעבונדן מיט דער דריידימענזיאָנאַלער וועלט, זיינען די קלאַנגען אין דער אייגענער צייט די העכסטע דערנענטערונג צום צייטלעכן באַנעמען די וועלט אַלס איינהייטלעכע באַוועגונג.

דער צייטמענטש שאַפט זיין וועלט דורך דיינקען, וועלן, אינטואיציע. דיינקען – הייסט פון איינצעלנע צעשפּליטערטע כוש־איינדרוקן בויען אַן איינהייטלעך וועלטגעבוי. וועלן – הייסט שיקן דער אויסערלעכער וועלט פון אינעווייניק וועלטבאַנייענדיקע, ריכטונג־געבנדיקע אימפּולסן, אַנטוויקלונגצילן. אינטואיציע – די נעוויִאישע פייאיקייט אופצודעקן די טיפסטע צוזאַמענהאַנגען פון די איינצעלנע וועלט־דערשיינונגען, אָנצומערקן די קורצעסטע ליניע, וואָס בינדט צונויף פאַרגאַנגענהייט, קעגנוואַרט און צוקונפט, דער שטאַרקסטער קליי־זאַין צו באַהערשן דעם אייביק פליסנדיקן לעבנשטראָם.

ס'איז קלאָר: אויב דער רוימ̇מענטש אַלס אַזעלכער, אַלס טייל פון כוימער־נאַטור, איז שוואַך, אומבאַהאָלפן, אומפּרוכטבאַר, קאָן אָבער דער צייטמענטש זיך ניט באַגיין אָן דעם רוימ̇מענטש, אַלס פאַרמיטלער צווישן אים און דעם קאָסמאָס. עס האַנדלט זיך נאָר וועגן

דעם, ווער איז וועמען אונטערגעאָרדנט, ווער פון זיי שפּילט אין געגעבענעם פאַל די אָנפירנדיקע ראָל — דער צייטמענטש אָדער רויממענטש.

די אַלגעמיינע טענדענין פון דער וועלטגעשיכטע, איר מעהוס, איז די אַלין וואַקסנדיקע הענעמאָניע פונם צייטמענטשן די פאַרצייטלעכונג פונם רוימקאָסמאָס. — דער פּראָצעס טראָגט אַ פאַרשיידענעם כאַראַקטער אַף די איינצלנע געביטן פונם מענטשלעכן שאַפן.

— פּראָדוקטיווע קויכעס —

דער מענטשלעכער קולטורלעבן אין ברייטן זין פון וואָרט קאָן סכעמאַטיש איינגעטיילט ווערן אין 3 גרופּן פון טעטיקייט: 1) ווי דער מענטש לעבט: עקאָנאָמיק — פּאָליטיק — רעכט — עטיק; 2) ווי ער זעט און רעפּראָדוצירט דעם לעבן: אַרכיטעקטור — סקולפּטור — מאָלעריי — טעאַטר — מוזיק — ליטעראַטור; 3) ווי ער באַנעמט דעם לעבן: מיפּאָלאָגיע — רעליגיע — פילאָזאָפיע — וויסנשאַפט. אין דער ערשטער ספערע שפּילט די הויפּטראָל דער ווילן, אין דער צווייטער — דער געפיל, אין דער דריטער — די פאַרנומפט און אינטואיציע. ס'איז, פאַרשטייט זיך, נישט מיגלעך אין די ראַמען פון אַן אַרטיקל זיך פאַנאַנדערצוקלייבן אין די אַלע אָנגעמערקטע געביטן פון מענטשלעכן שאַפן. איך וועל זיך דעריבער באַגרענעצן מיט די בוילעטסטע הויפּטמאָמענטן אין יעדן פון די דריי קאַטעגאָריעס פון קולטורטעטיקייט.

דעם יעסאָד, אַף וועלכן ס'קומט פאָר די גאַנצע היסטאָרישע אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט, בילדן — די פּראָדוקטיווע קויכעס. לויט זייער גרונטכאַראַקטער טיילן זיי זיך איין אין צוויי הויפּטגרופּן: 1) רעלאַטיוו באַשטענדיקע פּראָדוקטיווע קויכעס, ווי די טעריטאָריע מיט אירע נאַטירלעכע רייכקייטן: מעטאַלן, מינעראַלן, ערד, פלאַנצן, כאַיעס א. א. וו. 2) שטענדיק זיך בייטנדיקע פּראָדוקטיווע קויכעס, ווי די ווערקצייג פון אַרבעט און די מעטאָדן פון פּראָדוקציע.

די ערשטע גרופּע פּראָדוקטיווע קויכעס — דער סכום פון פיזיש־געאָגראַפישע מאָמענטן, וואָס ווערן אַרומגענומען מיטן באַגריף טעריטאָריע, זיינען די טרעגער פון דער נאַטור, דער מאַטעריע, פונם רוים אינם עקאָנאָמישן לעבן. אין פאַרגלייך מיט דער גיכער עוואָלוציע פון דער עקאָנאָמיק בלייבן זיי קאַמאַט אומפאַרענדערט.

די צווייטע קאַטעגאָריע פון פּראָדוקטיווע קויכעס — די ווערקצייג און מעטאָדן פון אַרבעט — זיינען די טרעגער פון קולטור, פון גייסט, פון צייט אינם עקאָנאָמישן לעבן. יעדער ווערקצייג — לעמאָשל דער האַמער — איז קוידעם־קאָל אַ געוויסע אידיי פון באַוועגן, קלאַפּן, פאַרקערפּערט אין רוימגעשטאַלט. די מאַשין — איז אַ סיסטעם פון גייסטיק־צייטלעכע באַציאונגען, אויסגעדריקט אין מאַטעריעלע רוימפאָרמען. יעדער ווערקצייג — דאָס איז די צייט, וואָס האָט זיך אַף אַ מאָמענט אָפּגעשטעלט, קעדיי וואָס גיכער ווייטער צו גיין. די מעטאָדן פון פּראָדוקציע זיינען די עטאַפּן אַפן ניצאָכן־וועג פון „גייסט" אין זיין קאַמף קעגן דער „מאַטעריע", די ריינע צייטלעכקייט, וואָס באַהערשט אַלץ מער די רוימוועלט.

און ווען מיר פאַרגלייכן די ראָל פון די צוויי גרופּן פון פּראָדוקטיווע קויכעס אין דער מענטשלעכער געשיכטע, זעען מיר, ווי די רוימלעכע גרופּע פאַרלירט אַלץ מער באַדייטונג לעטוווּעס דער צייטלעכער. דער אורמענטש געפינט זיך אינגאַנצן אין דער מאַכט פון די טעריטאָריאַלע נאַטורקויכעס, וואָס בילדן די סוויווע פון זיין לעבן און אַרבעט. אין היסטאָרישן פּראָצעס שאַפט דער מענטש אַלץ מעכטיקערע רוימלעכע פּראָיעקציעס פון זיין צייטגייסט אין פאָרם פון אַרבעט־מאַכשירים, באַפרייט זיך אַלץ מער פון דער נאַטורדעספּאָטיע און גייט איבער אַלין אינטענסיווער דורך זיינע פּראָדוקציעמעטאָדן צום אָנגריף פאַר דער פולער הערשאַפט איבער דער נאַטור.

דער טעמפּ פֿון דער רוימבאַהערשונג דורכן ציטבאַוואָפנטן מענטשן אַנטוויקלט זיך אין געאָמעטרישער פּראָגרעסיע. דאָס באַווייזט דער וועג פונם שטיין, אַלס קליי־זאַיען פונם ווילדן, ביז צו דער „בערטאַ‟, מיט וועלכער די דייטשן האָבן באַשאָסן פּאַריז אַף 50—60 קילאָמעטער. דער מעהאַלעך פונם קלאַסישן וואַנדערשטעקן ביז צו דער היינטיקער פלימאַשין, און — פון דער אַמאָליקער שאָליעך־פּאָסט ביז צום ראַדיאָ...

אָט דער ניצאָכנמאַרש פון צייט איבער רוים אין די פּראָדוקטיווע קויכעס פֿון דער מענטשהייט באַקומט זיין בוילעטן אויסדרוק אין אַלע אַנדערע געביטן פון די געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעפאָרמען.

פון טעריטאָריאַל־באַגרענצטער מעלוכעפּאָליטיק מיט בלוטיקע רייסענישן וועגן יעדן ברעקל ערד גייט די מענטשהייט אַלץ אַנטשיידענער איבער צו אינטערנאַציאָנאַלער וועלטפּאָליטיק, וואָס ווערט באַשטימט דורך געוויסע סאָציאַלע קויכעספאַרהעלטענישן, אומאָפּהענגיק פון די לאַנדגרעניצן. ניט די לאַגע פון איינצלנע מעלוכעס אין רוים, נאָר די אַנטוויקלונג פון די נאַציעס און דער מענטשהייט אין דער צייט באַשטימט אַלץ מער דעם פּאָליטישן גוירל פון דער וועלט.

רעכט און עטיק, אַלס נאָרמען, וואָס רעגולירן די קעגנזייטיקע באַציאונגען פון די מענטשן, אָרגאַניזירן פֿון איין זייט די סאָציאַלע סטאַטיק, אַ באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע אָרדענונג אין אַ געוויסער רוימלעכער פאַרגליווערטקייט; פון דער אַנדער זייט — די סאָציאַלע דינאַמיק, די באַדערפֿענישן פון געזעלשאַפֿטלעכער אַנטוויקלונג אין איר ציטלעכער באַוועגלעכקייט. אַלס סטאַטישע רוימנאָרמען, איז רעכט שטענדיק צונויפגעבונדן מיט געזעצן און פּאָרשריפטן, וואָס ווערן דורכגעפירט מיט אַ מעלוכישער צוואַנגקראַפט, און די עטיק — מיט קאַטעגאָרישע אימפּעראַטיוון, וואָס לייגן זיך אַפן יאָכיד, ווי אַ געזעלשאַפֿטלעכער צוואַנג. אַלס דינאַמישע ציטנאָרמען, איז דער רעכטשאַפן פֿריי, ניט פאַרגליווערט אין אייזערנע פאָרמולעס, און די עטיק — אַ פֿרייער ווילנאויסדרוק פונם יאָכיד, וואָס פֿאַלט צונויף אָרגאַניש מיט די ווילנאימפּולסן פונם קלאַל,—און ווער וועט צווייפלען אין דעם, אַז די אַנטוויקלונג פון רעכט און עטיק גייט וואָס ווייטער אַלץ בוילעטער אין דער ריכטונג פון פאַרשטאַרקן די ציטנאָרמען אַפן כעשבן פון די רוימנאָרמען?

אַזוי קאָנסטאַטירן מיר אַפן געביט פון עקאָנאָמיק, פּאָליטיק, רעכט און עטיק, אַלס גרונטטענדענץ פון זייער אַנטוויקלונג: — די הערשנדיקע ראָל פֿון די רוימפֿאַקטאָרן ווערט אַלץ מער פאַרביטן דורכן טרייבנדיקן קויעך פונם ציטמאָמענט. דאָס רוף איך אָן — טעמפּאָראַליזם.

||||||||||||||||||||

— קונסט —

מיטן באַגריף קונסט נעמען מיר אַרום אַלע געביטן פון מענטשלעכן קולטורשאַפן, וואָס שטרעבן איבערצוגעבן, צו רעפּראָדוצירן דעם לעבנפּאַפאָס אין בילד, וואָרט, ליד, סצענע. — לויט זייער אויסדרוקפאָ״ם קאָנען די קונסטצווייגן איינגעטיילט ווערן אין צוויי הויפּטגרופּן: 1) אַף וויפיל זיי באַנוצן זיך קוידעם־קאָל מיט רוימקאַטעגאָריעס, ווי ליניעס, פלאַכן, אומפאַנגען, האָבן מיר צו טאָן מיט רוימקונסט: אַרכיטעקטור, סקולפּטור, מאָלעריי. 2) אַף וויפיל די קונסטווירקונג ווערט דערגרייכט אין ערשטער ריי דורך ציטמאָמענטן, ווי וואָרט, לויט, האַנדלונג, ריידן מיר וועגן ציטקונסט: טעאַטר, מוזיק, ליטעראַטור.

דער שאַפונגפּאַפאָס פון דער מענטשהייט האָט זיך קאָנצענטרירט און אויסגעדריקט אין יעדער עפּאָכע אַף אַן אַנדער קונסטגעביט און איז דורכגעגאַנגען אַלע מאַדרייגעס פון רוים צו צייט, אָנהייבנדיק פון אַרכיטעקטור און ענדיקנדיק מיט ליטעראַטור.

דער עלטעסטער קולטורפאָלק, די עגיפטער, האָבן דערגרייכט און פאַראייביקט די פולקומסטע פאָרמען פון אַרכיטעקטור, דער קונסט פונם ריינעם דריידימענזיאָנאַלן רוים. דעם קולטורפאַפּאָס, וואָס איז פאַרקערפּערט אין די עגיפּטישע פּיראַמידן, ספינקסן, אָבעליסקן וואַסערלייטונגען א. א. וו., האָט קיין איינציק קולטורפאָלק נאָך זיי אין דער אַרכיטעקטור ניט אַריבערגעשטיגן.

די היסלאַהאַוועס פונם קלאַסישן אַלטערטום האָט באַקומען איר העכסטן קולטוראויסדרוק און דער גריכישער סקולפטור. די סטאַטועס פון פידיאַס, סקאָפּאַס און פּראַקסיטעל זיינען געבליבן ביזן היינטיקן טאָג לויט זייערע פאָרמען דער אַפּאָגיי פונם מענטשלעכן שאַפן אַפן געביט פון סקולפטור.

דער קולטורענטוזיאַזם פון מיטלאַלטער האָט זיין העכסטע מאַדרייגע דערגרייכט אין דער איטאַליענישער מאָלעריי, באַזונדערס אין רענעסאַנס. וועמען פון די שפּעטערדיקע מאָלערס איז עס געלונגען אַזוי פולקום אַריינצוקישעפן דעם רוים אַף דער צווייידימענזיאָנאַלער פלאַך פון בילד, ווי לעאָנאַרדאָ-דאַ-ווינטשי, מיקעל-אַנדזשעלאָ און ראַפאַעל?

אין 16 און 17 יאָרהונדערט ברייננגט מיט זיך איינגלאַנד די גלאַנצעפּאָכע אין דער אַנטוויקלונג פונם טעאַטר, יענער צייטקונסט, אין וועלכער די רויממאָמענטן, ווי דעקאָראַציע, טעכניק א. א. וו., שפּילן נאָך אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל. צי האָט זיך דען ווער פון די שפּעטערדיקע דראַמאַטורגן אַפילע נאָר דערנענטערט צו דער געניאַלער טיפקייט און אָנגעשפּאַנטקייט פון דער האַנדלונג אין שעקספּירס דראַמען?

דעם העכסטן פונקט האָט דער קונסטשאַפן פון דער מענטשהייט אין 18 און אָנהייב 19 יאָרהונדערט דערגרייכט אין דער דייטשער מוזיק. הונדערט יאָרן איז די מענטשהייט געקראָכן באַרגאַרוף, ביז זי האָט זיך באַגייסטערט אַנטפּלעקט אַף די שפּיצן פון בעטכאָווענס סימפאָנישער באַרגוועלט. און ווי קלענערע אָדער גרעסערע בערגעלעך ציען זיך אַלע שפּעטערדיקע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס נאָך בעטכאָווען.

אין דער צווייטער העלפט פונם 19 יאָרהונדערט האָט די רוסישע ליטעראַטור מיט איר איבערמענטשלעכן נעשאָמעאופּריים אַנטפּלעקט דער וועלט די גרעסטע אויצרעס פון פּאָעטישן שאַפן. די גיגאַנטישע פיגורן פון דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי באַדעקן מיט זייער שאָטן אַלע דערגרייכונגען פון דער ביזאַנטיקער וועלטליטעראַטור.

אָט דער פּאָדים פון קולטורשאַפן: עגיפּטישע אַרכיטעקטור – גריכישע סקולפטור – איטאַליענישע מאָלעריי – איינגלישע דראַמע – דייטשע מוזיק – רוסישע ליטעראַטור איז די אופשטייגנדיקע ליניע פון דער קולטורמענטשהייט פון דער ריינער רוימקונסט – אַרכיטעקטור, אין הייסן דאַרעם, דורך אַלע צווישנמאַדרייגעס פון רוימצייטקונסט – צו דער ריינער צייטקונסט – ליטעראַטור, אין קאַלטן צאָפן. מיט אַנדערע ווערטער: די אַלגעמיינסטע טענדענץ פונם מענטשלעכן קונסטשאַפן ביכלאַל איז דער טעמפּאָראַליזם.

– אַרכיטעקטור –

איך וויל זיך איצט אָפּשטעלן אַף די וויכטיקסטע צווייגן פון די אָנגעמערקטע קונסטגעביטן.

דער טאָך פון דער אַרכיטעקטור איז דער סטיל. סטיל איז די פאַרגליווערטקייט פון אַ געווּסן לעבנגעפיל און רוימגעשטאַלט און קוידעם-קאָל אין געבייפאָרמעס אין אַלטן מיזרעך – אין עגיפּטן, באָוול (וואַווילאָניע) – איז די אַרכיטעקטור געווען דער צענטער פונם גאַנצן קולטורשאַפן, דער פּאַפּאָס פון דער מאַטעריע, פונם שטיין – דאָס

איז די מוטער פון די עגיפּטישע פּיראַמידן, ספינקסן און פון די וואַווילאָנישע טעראַסן און טורמגעביידעס. עלעמענטאַר. מאָנומענטאַל. גיגאַנטיש. רואיק.

רואיק, ווי די אייביקייט. די הערשאַפט פון דער האָריזאָנטאַלער ליניע, וואָס באַרואיקט, דריקט צו צו דער ערד, צום רוים. פאַרנעמט דעם מענטשנגייסט אין שטיינערנע אָרעמס. און עס שטייט אַ מענטשהייט היפּנאָטיזירט דורך דעם בלינדן קוק פונם ספינקס, דער שטיינערנער וועלטרעטעניש. דאָס איז דער ריין אַרכיטעקטאָנישער סטיל, דיקטירט דורך געזעצן פון צונויפגעקליבענע שטיינמאַסן.

די אַנטיקע אַרכיטעקטור פון די גריכן און רוימער באַפרייט די נעשאָמע פון דער מווירעדיקער שטיינמאַסע. עס בלייבט די אַלטע האָריזאָנטאַלע באַרואיקנדיקע ליניע. זי פאַרלירט אָבער אינגאַנצן איר היפּנאָטיזירנדיקן קויעך. דער גריכישער טעמפּל איז פּלאַסטיש. די האָריזאָנטאַלע בוימאַסן ווערן גראַציעז און זיכער געטראָגן דורך גלייכמעסיק־רואיקע קאָלאָנעסרייען, ס׳דריקט דעם מענטשנגייסט דער רוים. וואַרפט ער אים אַראָפּ פון זיך — אַף די פּלייצעס פון אַטלאַנט, אַף די רוקנס פון די קאַריאַטידן. דער גייסטיקער נערוו פון דער אַנטיקער קולטור איז שוין ניט מער די אַרכיטעקטור, נאָר די סקולפּטור. און דער סטיל פון דער אַנטיקער אַרכיטעקטור איז — דער סקולפּטורסטיל, ד. ה. די פאַרמענטשלעכונג פון די רוימסימוואָלן, וואָס זיינען געווען אין דער אַלטאָריענטאַלישער בויקונסט — מער קאָסמישע, יענפאַלס ריין אַרכיטעקטאָנישע.

באַ די קולטורפעלקער פונם קריסטלעכן מיטלאַלטער גייט אַריבער די אָנפירנדיקע ראָל אין דער אַרכיטעקטור צו דער ווערטיקאַלער ליניע, וואָס רייסט זיך פון דער ערד צום הימל, איז פול באַוועגונג, שטרעבונג. דער גייסטיקער אופשטאַנד קעגן דער רוימהערשאַפט. די גאָטישע קירך איז די העכסטע מערידע פון דער מאַטעריע קעגן זיך. דער שטיין באַקומט פליגלען, באַוואָפנט זיך מיט שפּיזן. רייסט זיך מיט ווילד־פאַרצווייפלטע באַיעסגעשרייען צום רעטענישהימל, טראָגט אים אַנטקעגן אַף שטורעמדיקע טורמשפּיצן דעם געקרייציקטן גייסט. און ליכט און ליכט רייסט זיך אַריין פון אַלע זייטן דורך טורעמ־הויכע שפּיזנפענצטער, אויסגעצירט מיט מאָזאַאיק, מיט הייליק גייסטיקער מאָלעריי. אָט די ליכטמאָלעריי ווערט די נעשאָמע פונם קאָלאָסאַלן ריזנגעביי, באַלויכט אים, דערהייבט אים. און פון אלע ווענט הילכן גייסטערבילדער — אַלץ אַרוף! אַלץ אַרוף! העכער! העכער! און אָט רייסט־וואַרפט ארוף דעם דאַך דער אויסגעמאָלטער הימלדעק, מיט טויזנטער מאַלאָכימפליגלען אין דער הויך צום שטערנהימל. די מאָלעריי איז דער עמעסער באַהערשער פון דער מיטלאַלטערלעכער אַרכיטעקטור, און איר סטיל איז — דער מאָלערישער.

דאָ ענדיקט זיך אין אַ געוויסן זין די שאַפנדיקע בויקונסט פון דער מענטשהייט. אַלץ, וואָס קומט ווייטער, איז אין טאָך — נייע קאָמבינאַציעס פון אַלטע אַרכיטעקטורפאָרמען. דער קולטוראַוואַנגאַרד האָט שוין צו יענער צייט אַריבערגעטראָגן דעם מענטשלעכן שאַפונגפּאַפאָס אַפן געביט פון דער צייטקונסט, צו וועלכער ס׳גייט איצט אַריבער די מעמשאָלע אַפילע איבער דער אַרכיטעקטור. קיין טעמפּלען־קירכן וועט דער גאָטזוכנדיקער מענטש מער ניט בויען. דאָס וועלן איצט טאָן — וועלטלעכע און גייסטלעכע הערשער, לויט אַלטע טויטע מוסטערס.

אינם רענעסאַנסכאַלעם האָט דער אַרכיטעקטורגעני פון דער מענטשהייט נאָכאַמאָל איבערגעלעבט זיין קלאַסישן יונגטגלאַנץ און איז שטיל אַנטשלאָפן געוואָרן.

אינם 17 און 18 יאָרהונדערט איבערנעמט די מוזיק די קולטורהעגעמאָניע און דיקטירט אויך דער אַרכיטעקטור איר אַנטוויקלונג.

אַלע אַרכיטעקטורליניעס — די רואיק-האָריזאָנטאַלע און די אויפּפּייטשנדיק-ווערטיקאַלע — ווערן אויסגעבויגן און אויסגעדרייט אין טויזנטער אויסקרימונגען און אויסרונדונגען. די ליניע פּאַרלירט איר אייגענע שפּראַך און מוז טאַנצן, ווי עס שפּילן באַכס אָרגל און מאָצאַרטס קלאַוויר. און די טענער פליסן אַזוי ווייך, אַזוי רונד — אָן אָנהייב און אָן סאָף. דעריבער זיינען די געבײדן פון באַראָק און ראָקאָקאָ פול באַוועגונג, די ליניע לויפט, וואַלסירט, מאַכט ניטדערוואַרטעטע גראַציעז-קאַפּריזע ווענדונגען און זייטנשפּרונגען, זי איז דורך און דורך דינאַמיש. די האָריזאָנטאַל-ווערטיקאַלע פלאַסטיק שפּילט דאָ אַ ריין טעכנישע הילפראָל. אַף וויפיל מען קאָן דאָ ביכלאַל נאָך ריידן וועגן סטיל, אַלס ליניעס און פאָרמענשפּראַך, איז די בויקונסט פון באַראָק און ראָקאָקאָ באַהערשט פונם מוזיקאַלישן סטיל.

דער 19 יאָרהונדערט, געטריבן פון קאַפּיטאַליסטישן ביזיבער, האָט, ווי אַן אויפגעקומענער נאָגיד, אָן געשמאַק און סטילגעפיל, צוזאַמענגעוואָרפן אין איין טאָפּ אַלע סטילפאָרמען און אָנגעפילט אַלע איראָפּייאישע שטעט מיט שרייענדיקע געביידעס. וועגן אַלץ שרייען זיי — זיי זיינען פול מיט אידייען און קאַוואָנעס. נאָר שטאַרקער פון אַלץ שרייען זיי וועגן דעם, אַז די מאָדערנע אַרכיטעקטור האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן איר אייגענע שפּראַך, די שפּראַך פון ליניעס און פלאַכן. — דער שאַפנצענטער פון דער וועלטקולטור האָט זיך אין דער צייט אַריבערגעטראָגן אַפן געביט פון ליטעראַטור. און דער אַרכיטעקטור איז אויסגעקומען זיך צו באַנוגענען מיט אידייאישע שיראַאים פונם ליטעראַרישן טיש. אין יעדן מאָדערנעם געביירעדט צו אונז קוידעם-קאָל דער פּראַקטישער צוועק: ס'איז אַ פּאַלאַץ, אַ פּאַרלאַמענט, אַ מוזיי, אַ וואָקזאַל, אַ פאַבריק. אַלע ליניעס דינען אָט דעם הויפּטצוועק. — און אויב אינם 19 יאָרהונדערט האָט די באַשטימענדיקע ראָל אָפּט נאָך געשפּילט די אידייאישע זייט פונם צוועק, ברייינגט דער 20 יאָרהונדערט מיט זיך די הערשאַפט פונם פּראַקטישן נוצן אין דער אַרכיטעקטור. די אַרכיטעקטור ווערט אַלץ מער אַ טעכנאָלאָגישע וויסנשאַפט, אַ מאַטעמאַטישע פאָרמולע אין אייזנבעטאָן.

ריין אַרכיטעקטאָנישער כטיל פונם אַלטן מיזרעך. — פּלאַסטישער סקולפּטורבוי פונם קלאַסישן אַלטערטום. — מאָלערישע בויעפעקטן פונם מיטלאַלטער. — דינאַמיש-מוזיקאַלישע פאָרמשפּראַך פון באַראָק און ראָקאָקאָ. — אידייאיש-ליטעראַרישע צוועקגעביידעס פונם 19 יאָרהונדערט. — מאָדערן-וויסנשאַפטלעכע אייזנבעטאָנקאָנסטרוקציע.

דאָס איז דער טעמפּעראַליסטישער גילגל פון דער אַרכיטעקטור, דער ריינער רוימקונסט.

– סקולפּטור –

די סקולפּטור, די צווייטע רוימקונסט, וואָס שטרעבט אויסצודריקן אין דריידימענזיאָנאַלע פאָרמען אַלע לעבנדערשיינונגען, האָט אין אַלגעמיין איבערגעלעבט דעם אייגענעם גוירל, ווי די אַרכיטעקטור, פאָלגנדיק דער העגעמאָניע פון דער קונסטפאָרם, וואָס האָט געהערשט אין דער געגעבענער עפּאָכע.

די מעמשאָלע פון דער אַרכיטעקטור אינם אַלטן מיזרעך האָט גאָר ניט געלאָזן אויפקומען דער סקולפּטור אַלס זעלבשטענדיקער קונסט. מיר זעען דאָ ערשטע אומבאַהאָלפענע פּרואוון צו פאָרמירן דעם טויטן, „מומיפיצירטן", אומבאַוועגלעכן מענטשנגוף, אַלס פאַרגליווערטן אייביקייטסימוואָל.

אינם אלטן גריכנלאַנד דערגרייכט די סקולפּטור די מאַדרייגע פֿון דער צענטראַלער קונסט, אין- וועלכער עס ווערט בוילעטער פון אַלץ אַנטפּלעקט דער גאַנצער גייסטיקער לעבן פון דער עפּאָכע, מיט איר רואיק סטאַטישן וועלטגעפיל, מיט איר ליבטיקער פרייד און געזונטן „געטלעכן" מענטשנגוף. די גריכישע סטאַטוע איז די ריינסטע קערפּערלעכקייט, וואָס דערפרייט מיט אירע פולקומענסטע פאָרמען די מענטשלעכע אויג. די היסלאַהאַוועס, וואָס די מענטשלעכע שיינקייט האָט אַרויסגערופן אינם אלטן גריכן, איז געווען אַזוי מעכטיק, אַז ער האָט זי געמוזט אויסדריקן אין מראַמאָר, וואָס איז געוואָרן דער טרעגער פון זיין גלויבן, קענען און וויסן. - און אין אומדערגרייכטער פֿולקומענהייט פון אירע שיינקייטפאָרמען שטייט ביזן היינטיקן טאָג די גריכישע סטאַטוע — דער העכסטער קונסטסימוואָל פֿונם מענטשלעכן „זיין".

אויב די גריכישע פלאַסטיק איז באַגרענצט מיטן אויבערפלאַך פונם מענטשלעכן קערפּער און איז אין אָפּשפּיגלען פון דער נעשאָמע ניט געגאַנגען ווייטער פֿון די עלעמענטאַרסטע געפילן פֿון ווייטאָק (לאַאָקאָאָן) און פּאַבעד (ניאָבע), מאַכט די מיטלאַלטערלעכע סקולפּטור אַ באַדייטנדיקן שריט ווייטער, שטרעבנדיק איבערצוגעבן דעם גאַנצן סכום פון רעליגיעזע געפילן, וואָס באַוועגן דעם מענטשן. עמעס אָט די רעליגיעזע שטימונגען באַקומען ניט א פרייען קינסטלערישן אויסדרוק פֿון אינעווייניק — נאָר די אויסדרוקמיטלען ווערן אינגאַנצן גענומען פון די טראַדיציאָנעלע ביבליש-עוואַנגעלישע טראַפּאַרעטסימוואָלן.

די רענעסאַנססקולפּטור באַוועגט זיך נאָך אויך אין די ראַמען פון ביבליש-רעליגיעזע סיוזשעטן, זי שטרייכט אָבער אומעטום אונטער דעם מענטשלעך-וועלטלעכן אינהאַלט און טראָגט אַריין אין די קירכלעכע מאָטיוון די שטאַרקסטע אַלגעמיין-פּסיכישע באַוועגונג. עס פאַרשווינדט די פלאַסטישע אומבאַהאָלפנקייט פון די איינצלפיגורן און פֿונם גאַנצן. די אופבליענדיקע מאָלעריי שטרעקט אוים די פליגלען פון איר האַשפּאָע אויך איבער דער סקולפּטור. די ברייט אַנטוויקלטע באַרעליעף און גרופּנסקולפּטור טראָגט די בוילעטסטע סימאָנים פון דער מאָלערישער קאָמפּאָזיציע. דער צונויפפאַלן אין דער פּערזאָן פון מיקל-אַנדזשעלאָ (געשט. 1564) פונם געניאַלסטן מאָלער און סקולפּטאָר פון דער עפּאָכע איז דער איבערצייגנדסטער סימוואָל-באַווייז.

די סקולפּטור פֿון 16 און 17 יאָרהונדערט באַוועגט זיך ווייטער אין דער אָנגעוויזענער ריכטונג. דער קינסטלער שטרעבט איבערצוגעבן דעם שטיין די שטאַרקסטע ליידנשאַפט און דאָס פירט אים צו דערפירן די מאָלערישע סקולפּטורעפעקטן ביז צו דער מאַדרייגע פֿון פאַרגליווערטער טעאַטראַלישקייט. די דענקמאָלן, פאָנטאַנען, גרופּן און אַפילע די מאַצייוועס פון בערניני (געשט. 1680) און פּיזשע (געשט. 1694) זיינען אין טאָך דראַמאַטיש-דעקאָראַטיווע סצענעס, וואָס טראָגן אַף זיך דעם בוילעטן סימען פונם אַלגעמיינעם טעאַטראַופשוואונג פֿון דער עפּאָכע.

נאָך דעם פּעריאָד פון מאָלערישע און דראַמאַטישע עפעקטן, ברענגט מיט זיך די סקולפּטור פונם 18 און ערשטער העלפט 19 יאָרהונדערט, אַלס רעאַקציע, די נעטיע צו קלאַסישער קלאָרקייט און איינפאַכקייט (קאַנאָוואַ, געשט. 1882), און פון טאָרוואַלדזענס (געשט. 1844) גרויסע רעליעפבילדער קלינגט אין אונזער גייסטיקן אויער אַ ריין מוזיקאַלישע ריטמיק, אַ ווידערקאָל פונם מעכטיקן צייטגייסט, פון היידנס און מאָצאַרטס קלאַנגען. אָט די מוזיקאַלישע דורכגייסטיקייט אונטערשיידט זיי פֿון זייערע אַנטיקע פאָרבילדער און מוסטערן. די אַנטיקע סימוואָל- און פאָרמענשפּראַך הערשט נאָך אומבאַגרענצט אין דער סקולפּטור.

די צווייטע העלפט פונם 19 יאָרהונדערט מיט איר גרויסן ליטעראַרישן שטורם-דראַנג באַפרייט די סקולפּטור פֿון דער קלאַסישער אַפּוטראָפּסעס. די נייע אידייענוועלט קאָן

זיך מער ניט באַנוגענען מיט די אַלטע שטיינמעטאַפּאָרעס. דער שטיין מוז ריידן, פון אינע־וויניק ריידן, די נעשאָמע אַנטפּלעקן. די צוגעפּוצטע פּאָלירטע פלאַכן זאָלן מער ניט זיין דער קיווער פונם גייסט. ראָדען צעררייסט און צעברעכט די קלאַסישע אָפּגערונדעטקייט פון די פאָרמען. ווי דער מענטשנגייסט, אַזוי מוז די סקולפּטורפלאַך זיין פריי – באַוועגלעך. און אַ טיף אינעווייניקסטע נייטוועגדיקייט ליגט אין דעם פאַקט, וואָס ראָדענס שאַפן דערגרייכט דעם אַפּאָגיי אין זיינע צוויי ריזנווערק: „וויקטאָר הוגאָ" און „באַלזאַק", די צוויי ליטע־ראַרישע קאָלאָסן פון דער עפּאָכע. – און אין אַ סאַך אינטערעסאַנטע וואַריאַנטן קערט זיך אַלץ אָפּטער אום אין זיין שאַפן דער „געדאַנק", דער פרייער מענטשלעכער גע־דאַנק, און „דער דיינקער", דער מעכטיקער צייטהערשער.

די נייסטע סקולפּטור – אַף וויפיל זי איז ניט אָפּגעשטאָרבן און פאַרגליווערט געוואָרן אין די מיליטאַריסטישע זיגאַלייען און לאַנגווייליק־צוגעפּוצטע סאַלאָנען – שטעלט זיך די אויפגאַבע אינגאַנצן צו באַהערשן די ליניע, די פאָרם, דעם שטיין דורך דעם ריין גייסטיקן מאָמענט. זאָל דער שטיין ווייברירן פון פרייד און לייד. און קיינע טראַדיציאָנעלע סימוואָלן און מעטאַפאָרן זאָלן ניט צונויפשמידן דעם פריי שאַפנדיקן גייסט. דאָס איז די שפּראַך פון וויגעלאַנדס פיגורן. דאָס איז דער מעהוס פון דער נייסטער עקספּרעסיאָ־ניסטישער ריכטונג אין דער סקולפּטור.

אַזוי פירט דער וועג פון דער סקולפּטור: פונם אויסווייניקסטן אַנאַטאָמישן מענטשן אַלס ריינעם רוימסימוואָל – איבערן רעליגיעז־געשטימטן מענטשן, אויסגעדריקט דורך טראַדיציאָנעלע רויממעטאַפאָרן, צום פּסיכאָלאָגישן מענטשן מיט זיין גאַנצן פילן, וועלן און דיינקען, פאַרקערפּערט אין פריי דורכגייסטיקטע, „פאַרצייטלעכטע" רוימפאָרמען.

## – מאָלעריי –

די מאָלעריי, וואָס שפּיגלט אָפּ די פילפאַרביקע ווירקלעכקייט אַפן צווידימענזיאָנאַלן בילדפלאַך, האָט זיך ביזן 16 יאָרהונדערט געפונען אין אַ מער אָדער ווייניקער פולער אָפּהייניגיקייט פון דער אַרכיטעקטור, וועלכער זי האָט געדינט, און מיט וועלכער זי איז געווען אייננ צוזאַמענגעבונדן.

ערשט אינם 16 יאָרהונדערט הייבן זיך אָן צו קאָנצענטרירן אַרום דער מאָלעריי די בעסטע שאַפנקויכעס פון דער מענטשהייט. די רייכע מאָלערישע דערפאַרונג פון דער קולטורמענטשהייט, באַזונדערס פונם מיטלאַלטער, אַנטפּלעקט זיך אין די געניאַלע שאַפונגען פון די רענעסאַנס מייסטערס.

אָבער דערביי איבערנעמענדיק די קולטורהעגעמאָניע פון דער סקולפּטור, טראָגט נאָך די רענעסאַנסמאָלעריי אַף זיך דעם בוילעטן שטעמפּל פון פּלאַסטיק, ווי אין דער קאָמפּאָ־זיציע, אַזוי אויך אין דער ליניע און פאָרם. אַבוין דעם זיינען די באַדייטנדסטע קונסטווערק פון דער עפּאָכע, אַלס פרעסקאָבילדער, צונויפגעבונדן מיט דער וואַנט, מיט אַ געוויסער אַרכיטעקטור.

אינם 17 יאָרהונדערט באַפרייט זיך די מאָלעריי אינגאַנצן פון דער פּלאַסטיק. רובענס, רעמבראַנט, וועלאַסקעז, וואַנדייק באַשאַפן די ריין מאָלערישע שפּראַך פון פאַרב, ליכט און שאָטן און אַנטוויקלען זי ביז צו דער העכסטער מייסטערשאַפט. דאָס איז אַן אומגעהויער וויכטיקער שריט אַפן וועג פון עסטעטישער פאַרגייסטיקונג פון דער קערפּערלעכער דערשיינונג־וועלט. רעמבראַנטס ווערק זיינען די ליכט־ און שאָטנגעשיכטע פון זיין נעשאָמע און די קווינטעסענץ פונם ביזאַהעריקן מאָלערישן שאַפן ביכלאַל.

דאָס איז דער גלאַנצפעריאָד אין דער געשיכטע פון דער מאָלעריי.

די לייכטע זשאַנרמאָלעריי, וואָס באַהערשט די ערשטע העלפט פֿונם 18 יאָרהונדערט, באַווײַזט זיך קאַמאַט אינגאַנצן אין דער ריכטונג פֿון אידיליש־טעאַטראַלישע עפֿעקטן. די בו־דואַרבילדער פֿון וואַטאָ און בושע טראָגן אַף זיך דעם דײַטלעכן אָפּגלאַנץ פֿון דער עפּאָכע־באַהערשנדיקער קונסט, פֿונם טעאַטר. די קונסט איז, ווי דער לעבנשטײַגער, וואָס זי שיל־דערט, פֿאַרפּוצטע און פֿאַרגרימירטע קוליסנ־ און הינטערקוליסנמאָלעריי, וואָס פֿליסט אומ־באַמערקט אַריבער אין די גראַציעזע מענועטנמאָלעריי פֿונם ראָקאָקאָפּעריאָד, דאָ איז אַלץ אַזוי לייכט, אַזוי גאַלאַנט און מעלאָדיש (פּראַגאָנאַר). דאָס איז אַן אידיליש־מוזיקאַלישע אינטערמעצאָ אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער מאָלעריי, וואָס האָט ניט פֿיל באַרײַכערט די שאַפֿונגמעטאָדן פֿון דער מאָלעריי.

ערשט דער א י מ פ ר ע ס י אָ נ י ז ם פֿירט אַרויס די מאָלעריי אַפֿן וועג פֿון ווײַטער־דיקער אינטענסיווער רוימבאַהערשונג. אַלע דערשײַנונגען פֿון דער אויסערלעכער וועלט ווערן אופגעלייזט אין דער אייןהייטלעכער ל י כ ט ספּערע, וואו עס פֿאַרשווינדן די שאַרף־אָפּגע־גרענעצטע רוימקאָנטורן (קורבע, מאָנע, ליבערמאַן). דערבײַ האָבן די נאַטוראַליסטישע באַ־גרינדערס פֿונם אימפּרעסיאָניזם קאַמאַט אינגאַנצן איגנאָרירט די מענטשלעכע נעשאָמע. וואַן־גאָג זוכט הינטער דער מאַטעריעלער אייןהייט פֿון דער וועלט דעם ג ײ ס ט י ק ן קויער, וואָס מאַכט די אייןהייט מיגלעך. אין זײַן שטרעבן אויסצודריקן דעם קויעך אין אַ קאָנצענ־טרירטער פֿאָרם שאַפֿט וואַן־גאָג דעם פּ ל אַ כ נ ס ט י ל, וואָס איז באַפרײַט פֿון דער פֿאַר־טיפֿנדיקער פֿונקציע פֿון דער פּערספּעקטיוו. די נאַטור פֿאַרלירט דאָ איר אָפּגערונדעטקייט, אירע פּלאַסטישע קאָנטורן, וואָס ווערן פֿאַרביטן דורך פֿאַרבנדיפֿערענצירונג אַפֿן אייןהייט־לעכן ליכטפֿעלד.

די באַגרענצונג פֿון די דרײַדימענזיאָנאַלע כּושימאײַנדרוקן לעטוווּעס דער אייןהייט־לעכער גײַסטיקייט פֿירט צו דער ווײַטערדיקער דינאַמיזירונג פֿונם רוים אין די בילדער פֿון סעזאַן און האָדלער. די מאָלעריי זאָגט זיך אָפּ פֿון די קאָנקרעטע וועלטקאָנטורן, ווי זיי ווערן אופגעפּאַסט דורך אונזער אויג, און באַשאַפֿט איר אייגענע ניטראַלע וועלטפֿאָרמען, וואָס ווערן דיקטירט דורכן גײַסט פֿונם שאַפֿנדיקן.

ווי אין אירע אויסדרוקפֿאָרמען, אַזוי אויך אין דער אַלגעמײַנער קאָמפּאָזיציע שטרעבט די מאָלעריי זיך צו באַפרײַען פֿון דער קאָנקרעטער רוימווירקלעכקייט און פֿון די טראַדי־ציאָנעלע געפֿילסימוואָלן. דער קינסטלער שטעלט זיך איצט קיידעם־קאָל די אופגאַבע אויסצודריקן זײַנע ריין גײַסטיקע איבערלעבונגען אין ליניעס און פֿאַרבן, אָפּטמאָל אינגאַנצן באַפרײַט פֿונם סיוזשעט. די מאָלעריי זוכט ליניעס־ און פֿאַרבנעקוויוואַלענטן פֿאַר נעשאָמעבאַ־וועגונגען (גאָגען, מאַטיס).

אין אוממיטלבאַרן אויסדריקן די פֿאַרבאָרגנסטע נעשאָמעריטמען פֿאַרנעמט, ווי באַ־וואוסט, די מוזיק דעם ערשטן פּלאַץ צווישן אַלע קונסטצווײַגן. דעריבער שטרעבט די מאָדערנע מאָלעריי אָפּט זיך צו באַהעפֿטן מיט ריין מוזיקאַלישע שאַפֿנפּרינציפּן. — דער קינסטלער שטרעבט מאָלעריש אויסצודריקן די אייגענע נעשאָמעבאַוועגונגען, פֿון וועלכע עס ווערן געבאָרן געוויסע מוזיקאַלישע קאָמפּאָזיציעס. עס באַווײַזן זיך אין דער מאָלעריי א רײַ בילדערמעלאָדיען, סאָנאַטן, סימפֿאָניעס (טשורליאָניס).

אין זײַן קאַמף קעגן דעם רוים האָט דער צײַטגײַסט אָנגעהייבן זיך אָנשטויסן אָן די קאָנקרעטע פֿאָרמען פֿון דער כּושימוועלט, ווי אָן מעניעס אַפֿן וועג פֿון זײַן פֿולער הערשאַפֿט. א י ד ײ ע ן רײַסן זיך אַרײַן אין דער מאָלעריי און הייבן אָן דיקטירן איר אַנטוויקלונג. פּ י ק אַ ס אָ שטרעבט אויסצודריקן די ריינע גײַסטיקייט אין אַבסטראַקטע רוימפֿאָרמען, ד. ה. אין ג ע אָ מ ע ט ר י ש ע פֿאָרמען. די געאָמעטרישע קאָמפּאָזיציע שלינגט אין זיך אַרײַן די

פילפאָרמיקע קאָנקרעטע רוימוועלט און גיט זיי איבער אין גייסטיק־אַבסטראַקטע רוימסימוואָלן, וואָס זאָלן נאָר זיין אַ מיטל אויסצודריקן דעם גייסט, און ניט אָפּציען די אויפמערקזאַמקייט אַף די ריין אויסערלעכע פאָרמענוועלט.

וועלנדיק דערביי באַהאַלטן די דריידימענזיאָנאַלע ווירקונג, איז די מאָלעריי אין דער איינזייטיקער אָנווענדונג פונם געאָמעטריזם דערגאַנגען צום קוביזם, וואָס אַנאַליזירט און סינטעטיזירט אַלע דערשיינונגען אין די ווירסנשאַפטלעך־געאָמעטרישע פאָרמען פון פיראַמידן און קובן. די ליטעראַרישע אידיי באַקומט גלייכצייטיק אין דער מאָלעריי אַן אַלץ גרעסערע באַדייטונג. דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין די פאַרשיידענע פוטוריסטישע, סופּרעמאַטיסטישע און דאַדאַאיסטישע ריכטונגען אין דער מאָלעריי. דערווייל איז דאָ נאָך ניט מיגלעך אָפּצוטיילן דעם אָריגינאַלן זוכן און שאַפן פונם קונסטמאַרקיקן טייהו־וואָווייהו. אין בעסטן פאַל ווערט די אויסשיילונג פונם גייסטיקן לייטמאָטיוו פון אַ געווויסער קאָנקרעטער דערשיינונג און זיין פאַרקערפּערונג אין די אָדער יענע ליניעס און פאַרבנקאָמבינאַציעס אין דער מאָדערנסטער מאָלעריי צו אָפט דיקטירט דורך אינדיווידואַליסטיש צופעליקע קאַפּריז־שטימונגען, וואָס קאָנען ניט געפינען קיין ברייטן עסטעטישן רעזאָנאַנסבאָדן.

אין אַלגעמיין אָבער האָט די מאָדערנע מאָלעריי ניט פאַרלאָרן פון אויג איר הויפּטאויפגאַבע: אויסדריקן די ריינע גייסטיקייט אין אַבסטראַקטע רוימפאָרמען, ניט לאָזנדיק דערביי די רוימפאָרמען איינוווירקן אַפן אינעווייניקסטן גייסטיקן מעהוס פונם קונסטווערק.

דאָס איז דער אַלגעמיינער יעסאָד פון אַלע קונסטפּרואוון אין דער מאָלעריי, וואָס ווערן פאַראייניקט אונטערן באַגריף „עקספּרעסיאָניזם".

אַלע רוימעלעמענטן ווערן דאָ באַהאַנדלט ריין דינאַמיש, אַף וויפיל מען קאָן דורך זיי פאַרקערפּערן פּסיכיש־קאָסמישע איבערלעבונגען אין זייער ריינסטער צייטלעכקייט.

מיר קומען אַזוי אויך אין דער אַנטוויקלונג פון דער מאָלעריי צו דער קאָנסטאַטירונג פון דער גרונטטענדענץ: פון רוים צו צייט.

אָנהייבנדיק פון דער מאָלעריי, אַלס צוגאָב צו דער אַרכיטעקטור, איבער די אונז שוין באַקאַנטע פאַרצייטלעכונגעטאַפּן: פּלאַסטישער מיקל־אַנדזשעלאָ — ריין מאָלערישער רעמבראַנט — טעאַטראַלישער וואַטאָ — מוזיקאַלישער פראַגאָנאַר — ליטעראַרישער פּיקאַסאָ — צום צייטלעך־דורכגייסטיקטן עקספּרעסיאָניזם.

— טעאַטר —

טעאַטר איז די קונסט, וואָס באַהעפט דורך דער סצענישער קאָנצענטרירונג פון מענטשלעכע האַנדלונגען אַ געוויסע מענטשנמאַסע — אוילעם אין אַן איינהייטלעכן עטיש־עסטעטישן צוזאַמענפילן און צוזאַמענטראַכטן. אָט דער קאָלעקטיווער כאַראַקטער פונם טעאַטר האָט אים שטענדיק איינג און פעסט צונויפגעבונדן מיט די באַדייטנדסטע מאַסנאיבערלעבונגען פון דער עפּאָכע. פריער און שטאַרקער פון אַלץ מיט די טיפסטע און ברייטסטע מאַסנאיבערלעבונגען — די רעליגיעזע. ביזן 16 יאָרהונדערט איז דער טעאַטר געווען אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקער זייטנשטראָם פונם ברייטן טייך פון די רעליגיעזע שטימונגען.

די גריכישע דראַמע וואַקסט אַרויס פונם רעליגיעזן דיאָניסקולט. „מאָיראַ" — דער „גורל" פון דער גריכישער טראַגעדיע, איז דער בלינדער אומבאַראַכמאָנעסדיקער נאַטורקויעך, וואָס הערשט איבערן מענטשן. — איבערמענטשלעך גרויס, אַף הויכע קאַטורנעס, ברייט געפּאָלסטערט, דערשיינט דער אַקטיאָר אַף דער סצענע. איין געפיל — עלעמענטאַר

מאָנומענטאַל, ביזן לעצטן גרענעץ פון וויטאָק אדער פֿרייד, דריקט אויס די פאַרשטיינערטע גריכישע מאַסקע. און איבערמענטשלעך שטאַרקקלינגט דורכן רופֿאָר די שטים פונם אַקטיאָר.

אויב דער עטישער מאָקער פונם גריכישן טעאַטער געפינט זיך אין דער רעליגיע, איז זיין עסטעטישער לעבננערוו — די סקולפטור. די גריכישע דראַמע איז סטאַטיש, פלאַסטיש. א ריי פאַרגליווערטע סקולפטורסצענעס, אָן אינטענסיווער באַוועגונג: ניט די האַנדלונג אַליין איז דאָ דער עמעסער אינהאַלט, נאָר איר עפיש־פלאַסטישע אָפשפיגלונג אין פאַרשטיינערטע סיטואַציעס און זשעסטן — די סטאַטוע האָט דיקטירט דער גריכישער דראַמע אויך איר גרונטכאַראַקטער: איינהייט פֿון האַנדלונג־אָרט־צייט.

די עסטעטישע ווירקונג פון אָט דער סקולפטורמעסיקייט פון דער גריכישער דראַמע איז דעריבער געריכטעט קיידעם־קאָל און קאמאַט אינגאַנצן - אַפן אויג. „טעאַטראָן" הייסט גריכיש דער אָרט, וואו מען זעט. די 56,000 מענטשן, וואָס זיינען געזעסן אינם טעאַטער פון עפעס, האבן, פאַרשטייט זיך, קאמאַט גאָרנישט ניט געקאָנט הערן. דורכן אויג האָבן זיי זיך באַהעפט אין אַ סימוואָלישער עסטעטיש־רעליגיעזער מאַסנאיבערלעבונג.

דער רעליגיעזער כאַראַקטער פונם טעאַטער טרעט ארויס ניט ווייניקער בוילעט אין מיטלאַלטער. דעם אָרט פונם לעבנלוסטיקן דיאָניס האָט פֿארנומען דער מיט זיין טויט טרייסטנדיקער יעזוס.

די מיטלאַלטערלעכע מיסטעריעס זיינען דער עסטעטישער העמשעך פון די קירכלעכע ליטורגיעס. דער לעבן און ליידן פון יעזוס איז זייער איינציקער אינהאַלט און באַוועגנדיקער פּאַפאָס. די אופירונג פון די מיסטעריען טראָגט אינגאַנצן דעם כאַראַקטער פון רעליגיעזן קולט.

אויך דאָ, ווי אינם אַנטיקן טעאַטער, הערשט דער סטאַטישער מאָמענט, די סיטואַציע איבער דער באַוועגונג. נאָר די מאָנומענטאַלע איינפאַכקייט פון דער גריכישער סצענע ווערט איצט באַלעבט דורך די אַלץ באַהערשנדיקע מאָלערישקייט פֿונם מיטלאַלטער.

די מאָלעריי באַשטימט אינם מיטלאַלטער דעם עסטעטישן אינהאַלט פונם טעאַטער. עס הערשט די אַזוי גערופענע סימולטאנסצענע, ד. ה. אַלע הויפּטסצענעס פֿונם מיסטעריענדראַמע ווערן אופגעשטעלט איינע נעבן דער אַנדערער און בילדן צוזאַמען איין לאַנגע דעקאָראַציעוואַנט. און דער צושויער לעבט איבער די האַנדלונג, גייענדיק אין דער לייִנג פון איין סצענע צו דער אַנדערער. די גריכישע טאָגע ווערט פאַרביטן דורך פילפאַרביקע טייערע קאָסטיומען. אין דער גרופירונג פון די סצענעס הערשט די מאָלערישע קאָמפּאָזיציע. און צוליב אָט דער מאָלערישקייט ווערט געבראַכט צום קאָרבן אַפילע די אַנטיקע פֿאָדערונג פון דער דרייאיינהייטלעכקייט פון האַנדלונג, אָרט און צייט. די מיטלאַלטערלעכע פאָרשטעלונגען דויערן אָפט פון אַ וואָך ביז אַ כוידעש, גאַנצע שטעט נעמען אין זיי אַן אַקטיוון אָנטייל.

אין 16 יאָרהונדערט באַפרייט זיך דער טעאַטער פון דער קירך און ווערט אַ זעלבשטענדיקע קונסט, וואָס פאַרשפּרייט די פליגלען פון איר האשפּאָע אַפילע אַף די אַנדערע קונסטצווייגן. דער פולבלוטיקער מענטשלעכער לעבן מיט זיינע ייִדנשאַפטן און פריידן, מיט זיינע פאַרברעכן און אידעאַלן, אָן יעדן שייכעס צו רעליגיע, קאָנצענטרירט אין לעבעדיקער סצענישער האַנדלונג, פול אינטענסיווסטער באַוועגונג און אָנגעשטריינגטקייט. — דאָס איז דער אינהאַלט פֿון דער שאַפנדיקער טקופֿע אינם 16 און 17 יאָרהונדערט, דער טקופֿע פון שעקספּיר (געשט. 1616) און מאָליער. (געשט. 1673)

מענטשלעכע כאַראַקטערס אין זייער לעבעדיקער גרויס, פאַראייביקטע מענטשנטיפּן ציען פאַרביי פאַר אונזער אויג און נעשאָמע, האַלטן דוירעס געפאַנגען. דער לעבן אין גלאַנץ פֿון העכסטער ווירקלעכקייט, פון קונסט.

ערשט איצט ווערט פאַר דער דראַמאַטישער קונסט געבויט אַן אייגענער טעמפל – דער טעאַטר; דעם אָרט פון דער אומבאַהאָלפענער, פלאַך־מאָלערישער סימולטאַנבינע פֿאַרנעמט די פערספעקטיווּבינע, וואָס באַהערשט פריי דעם רוים. גיך באַוועגלעכע דעקאָראַציעס פאַרבייטן דעם פריערדיקן פון אָנהייב ביזן סאָף אומפאַרענדערטן סצענעבילד. די שטורמדיקע האַנדלונג געפינט די שטאַרקסטע אונטערשטיצונג אין דער וואָס ווייטער אַלץ מער באַוועגלעכער סצענעטעכניק.

אינם 18 יאָרהונדערט, בעאיים די קולטורהעגעמאָניע גייט אַריבער צו דער מוזיק, וואַרפט זי צייטווייליק אויך דעם טעאַטר אונטער איר אַליינהערשאַפט.

די אפער, די מוזיקאַליש־פֿאַרפוצטע אָדער מוזיקאַליש־אויסגעטייטשטע דראַמאַטישע האַנדלונג, פאַרנעמט מיט טריאומף די טעאַטראַלישע סצענע. גלוק, מאָצאַרט, בעטכאָווען, וואַגנער. דאָס זיינען די עטאַפן פֿון דעם ניצאָכנוועג פֿון דער מעלאָדיע איבער דער האַנדלונג אַף דער סצענע.

אָבער שוין אין וואַגנערס פראָגראַם מוזיק ווערט די האַנדלונג ווידער פון אַ צוגאָב צו דער מוזיק, צו דער אַריע, אַ גלייכבאַרעכטיקטער פאַקטאָר אין דער אפער, און פון דער אַנדער זייט מערקט זיך שוין אָן דער איינפלוס פֿון ריין ליטעראַרישע אידייען אין דער מוזיקאַלישער דראַמע.

אין דער צווייטער העלפט פונם 19 יאָרהונדערט נעמט די ליטעראַטור אינגאַנצן איבער די אָנפירונג מיטן טעאַטר. דער שווערפונקט פון דראַמע טראָגט זיך וואָס ווייטער אַלץ מער אַריבער אַף ריין געזעלשאַפטלעכע פראָבלעמען און ליטעראַרישע שטימונגען. דער דיכטער איז גויוער דעם דראַמאַטורג. איבסען, הויפטמאַן, טשעכאָוו, גאָרקי. זייערע דראַמען זיינען אין טאָך סאָציאַל־פילאָזאָפיע אָדער ליריק אין פאָרם פון דיאַלאָגן און מאָנאָלאָגן. דער טעאַטר אַפעלירט שוין ניט מער צום אויג, ווי די אַנטיקע און מיטלאַלטערלעכע סצענע, און ניט צום אויער אין ערשטער ריי, ווי די אָפער פונם 18 יאָרהונדערט, נאָר קוידעם־קאָל צום געדאַנק, צום גייסט.

צוזאַמען דערמיט טרעט אָפּ אין די פאָרגעשריטנסטע טעאַטרזוכענישן אַפֿן הינטערגרונט דער דעקאָראַציעאַפאַראַט מיט דער רייכער אילוזיעטעכניק, וואָס איז אויסגערעכנט צו ווירקן דורך אויסערלעכע עפעקטן אַף די כושים. די סטיליזירטע פלאַכבינע שטויסט אַרויס די פערספעקטיווּבינע. דער אַרטיסט, דער מענטשנגייסט געווינט אַלץ מער באַדייטונג אַף דער סצענע אַפן כעשבן פון דער טויטער מאַשין (קרעג). און אינם שפיל פונם אַקטיאָר גופֿע ווערט די אימיטאַציע, דער נאָכלעבן געוויסע טראַפֿאַרעטן, פאַרביטן דורך אימפראָוויזאַציע, ד. ה. פרייען איבערלעבן אַף דער סצענע.

דאָס זיינען אָבער נאָר שוואַכע טענדענצן, וואָס מערקן זיך אָן אין דער טעאַטרקונסט. אין אַלגעמיינעם לעבט איבער דער היינטיקער טעאַטר דעם שווערסטן און טיפֿסטן קריזיס, היין בענויגייע צום רעפערטואַר, היין בענויגייע צו די מעטאָדן פון דער קינסטלעריש־סצענישער ווירקונג. דער קריזיס האָט אָנגענומען אַזאַ כראָנישן כאַראַקטער, אַז מען האָט אָנגעהייבן אַפילע צווייפלען אין דעם, צי קאָן די טעטיקייט פונם אַקטיאָר ביכלאַל גערעכנט ווערן פאַר אַ קינסטלעריש־שאַפנדיקע.

די וואָרצלען פון דעם קריזיס ליגן טיף אין די סאָציאַלע לעבנטנאָאים פון אונזער עפאָכע ביכלאַל און אין דער אָפגעריסנקייט פונם טעאַטר פונם ברייטן מאַסנלעבן ביפראַט. דען זייט דער טעאַטר האָט זיך אָפגעריסן פֿון דער קירך, איז זיין צוזאַמענבונד מיט די מאַסן געוואָרן אַלץ שוואַכער. און אַ קאַלטער אָטעם פֿון יעכידישער געקינצלטקייט האָט געהאַלטן אין פענטעם דעם שאַפנדיקן גייסט סיי פֿונם דראַמאַטורג, סיי פונם אַקטיאָר און רעזשיסאָר.

און מיט אַ באַהאַלטענער קינע האָבן די קיניגלעכע „הויפטעאַטערן” געמוזט קוקן אַף די „וואולגאַרע” פֿאָלק=יאָמטויווים מיט זייערע מאַסנשפּילן, וואו ס'האָט בעעמעס נאָך געקלאַפּט דער דויפעק פון שאַפן אין די אָרעמס פֿון דער פרייער באַפרוכטנדיקער מוטער=נאַטור.

דער קונסטטעאַטער ביינקט נאָך דער מאַסע, וועלכע איז אומעטום, אַף דער דילעטאַנטישער פאָלקסצענע, אין קינאָ, אין צירק, נאָר ניט מיט אים. אין פאַרצווייפלונג רייסט ער אַראָפּ די ראַמפּע און שלעפּט דעם אַקטיאָר צום אוילעם אין זאַל. און איינזאַם בלאָנדזשעט ער אַרום צווישן קאַלטע צושויער. נעמט זיך דער רעזשיסאָר צו דער מאַסע און שלעפּט זי אַף דער סצענע אַרויף (ריינהאַרטס מאַסנסצענעס*), און ווי מאַסנמאַריאָנעטקעס, באַוועגן זיך אין צירק הונדערטער צווישן טויזנטער קאַלטע צושויער. די פּראָבלעם פון באַהעפטן דעם אַקטיאָר מיטן אוילעם איז אַ סאַך טיפער. זי קאָן פאַרענטפערט ווערן נאָר מיטן קייעך פון אַ קאָלעקטיוון פאַפאָס, וואָס וועט ווידעראַמאָל אין איין עטיש=עסטעטישער איבערלעבונג צונויפשמעלצן דעם אַרטיסט מיט דער מאַסע. דער אַפּעלירן צו דער פאַנטאַזיע דורך קאָנקרעטע היסטאָרישע אָדער זשאַנרהאַנדלונגען, אָרטלעך באַגרענצטע, טרעט אָפּ זיין פלאַץ פאַר קאָנצענטרירטע אַנטפּלעקונגען פון דער מאַסנגעשאָמע, מיט דער הילף פונם קינסטלערישן מינימום פון טעכנישע מיטלען. דער טעאַטער ווערט און מוז ווערן דער טעמפּל פון עטיש=עסטעטישן קאָלעקטיוויזם.

און דאָס איז דער היסטאָרישער וועג פונם טעאַטער: פון מאַשינענטעכניק צו מענטשנגייסט. פֿון פיזישן יאָכיד צו דער קלאַלפּסיכיק. פון קאָנקרעט=פאַרגליווערטער רוימלעכקייט צו אַבסטראַקט=באַוועגלעכער צייטלעכקייט.

## — מוזיק —

מוזיק, די קונסט אויסצודריקן די שיינקייט פון וועלט און מענטש אין טענער, נויציקט זיך לויט איר עצעם ווייניקער פון אַנדערע קונסטצווייגן אין רוימפאָרמען. די גרונטעלעמענטן פון דער מוזיק: ריטם — דער צייטמאָס, מעלאָדיע — דער סיידער פֿון די טענער, האַרמאָניע — דער צוזאַמענקלינגען פון טענער, און דינאַמיק — די שטאַרקייט פֿון די טענער, — אַלע די עלעמענטן געהערן צו דער צייטקאַטעגאָריע.

אָבער אינם מוזיקאַלישן שאַפן — היין אין מעלאָדישן אינהאַלט, היין אין דער מוזיקאַלישער פאָרם — שפּילן אָפּט אַ באַדייטנדיקע ראָל געפילן, פאָרשטעלונגען און געדאַנקען, וואָס בילדן דעם יעסאָד פון די אַנדערע קונסטצווייגן. אַף אַזאַן אויפן ווירקן אינם מוזיקאַלישן שאַפן אָפּטמאָל אויך ספּאַציאָניסטישע מאָטיוון.

דער ווילן צו טענער — איז דער טאָך פֿון מוזיק. אָט דער ווילן באַהעפט זיך שטענדיק מיט פאַרשיידענע איבערלעבונגען, וואָס בילדן דעם גייסטיקן צענטער פון דער געגעבענער טקופע. דער צוזאַמענווירקן פון די פאַקטאָרן באַשטימט די געשיכטע פון דער מוזיק.

אינם אַלטן מיזרעך, באַזונדערס אין יודעאַ, האָט דער רעליגיעזער פאַפאָס אינגאַנצן באַהערשט דעם „טאָנווילן” -- די מוזיק האָט קוידעם=קאָל געדינט דעם רעליגיעזן קולט.

---

*) ריינהאַרטס „מיראַקל” אין לאָנדאָן (1911) איז אַ פּרוּאוו צו באַהעפטן דעם קינסטלער און דעם אוילעם מיט דער הילף פונם רעליגיעזן אַטאַוויזם, וואָס גויסעסט נאָך אין די פינצטערע ווינקלעך פון דער געזעלשאַפט, אויסנוצנדיק דערביי אַלע מיטלען פון דער מאָדערנסטער בינענטעכניק. אַ טויטגעבאָרענער פּרוּאוו צו דערגרייכן דעם נייעם ציל מיט אָפּגעלעבטע מיטלען.

דער קלאַסישער אַלטערטום ניסט אַריין אינם מוזיקאַלישן שאַפן אַ שטראָם פון פרישער וועלטלעכער לעבנפרייד. ריטם און מעלאָדיע באַקומען אַ שטאַרקע אַנטוויקלונג. די מוזיק בלייבט אָבער – איינשטימיק, האָמאָפאָן – אַ סימוואָלישער ווירעקאָל פון דער גריכישער סטאַטוע און קאָלאָנע.

דער גרונטכאַראַקטער פון דער מיטלאַלטערלעכער מוזיק בלייבט רעליגיעז. פונם קירכנגעזאַנג ציט זי איר יעניקע, די גאָטישע ליכטמאָלעריי וועבט אַריין אין איר אירע טענער – די מוזיק ווערט פילשטימיק, פּאָליפאָן. איר טרעגער איז דער קירכנכאָר, און אַלס ווייטער אפּקלאַנג – די קאָשער-פרומע ליבעלידער פון טרובאַדור און מייסטערזינגער.

דערוויל ווערן נאָך אַלץ ערשט געקליבן די איינצלנע בוימאַטעריאַלן, פון וועלכע דער 17 יאָרהונדערט הייבט אָן צו שאַפן די מוזיק, אַלס זעלבשטענדיקע קונסטפאָרם. דאָס ווערט מיגלעך אַדאַנק דער ברייטער און פּרוכטבאַרער אָנווענדונג פון דער האַרמאָניע אינם מוזיקאַלישן שאַפן דורך פּאַלעסטרינאַ.

פון פּאַלעסטרינאַ (געשט. 1594) הייבט זיך אייגנטלעך אָן די געשיכטע פון דער מאָדערנער האַרמאָנישער מוזיק. ער מאַכט דעם ערשטן שריט אָפּצוטיילן די מוזיק פון דער קירך.

אין יאָהאַן-סעבאַסטיאַן באַך (געשטאָרבן 1750) באַקומט דער באַפרייטער מוזיקאַלישער שאַפן דעם בוילעטסטן און מעכטיקסטן אויסדרוק. באַכס פוגע, די ריינסטע פאָרם פון עמעס מוזיקאַלישן שאַפן, אָן יעדן זייטיקן איינפלוס, די קווינטעסענץ פון מוזיק, דער אַבסטראַקטער שטראָם פון טענער אָן יעדן שייכעס צו דער אָביעקטיווער און סוביעקטיווער פּאָרמענוועלט, – די פוגע איז געווען דער גרויסער אָנזאָג דערפון, אַז די מוזיק האָט זיך שוין באַפרייט פון פרעמדער העגעמאָניע, אַז זי איז געוואָרן אַן אויטאָנאָמע קונסטפאָרם און קלייבט זיך אַפילע אַליין איבערצונעמען די מעמשאָלע איבער די אַנדערע קונסטצווייגן.

באַך הייבט אָן צו דיפערענצירן די פאָרמען פון מוזיקאַלישן שאַפן און טיילט אָפּ קוידעם-קאָל די אינסטרומענטאַלמוזיק פון דער וואָקאַלמוזיק. דער שווערפונקט פון דער אַנטוויקלונג ווערט אַריבערגעטראָגן פון איצט אָן אַף דער אינסטרומענטאַלמוזיק.

הענדעל (געשט. 1759) איז דער באַדייטנסטער מייסטער פון מוזיקאַלישן עפּאָס, פון דער אָראַטאָריע, געבויט לויט די פּרינציפּן פון טאָנאַלער ארכיטעקטור. לויט גרונטשטימונג און באַוועגנדיקן קייעך איז די אָראַטאָריע פונם 17 יאָרהונדערט די גאָטישע קירך, אויסגעדריקט אין טענער, באַזונדערס אין אָרגלטענער.

היידן (געשט. 1809) שאַפט די אָרקעסטרמוזיק מיט אירע פּילזייטיק מאָלערישע אויסדרוקמיטלען. אָפּטישע נאַטוראיינדרוקן און געפילן שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָל אין דער קאָמפּאָזיציע פון היידנס און מאָצאַרטס (געשט. 1791) סימפאָניעס און סאָנאַטן.

די העכסטע מאַדרייגע האָט דערגרייכט די אינסטרומענטאַלמוזיק, ווי דער מוזיקאַלישער שאַפן ביכלאַל, אין בעטכאָווען (1770–1827). די אייביקע מענטשנביינקשאַפט צו דערשפּירן אין זיך די וועלטאיינהייט און זי אויסצודריקן אין קלאַנגען האָט באַקומען אַ מוירעדיק-מעכטיקע שפּראַך אין בעטכאָווענס סימפאָניעס. באַכס פוגע, דער ריין מוזיקאַלישער שוואָם, האָט ביסלעכוויז אַריינגעזאַפּט אין זיך דעם גאַנצן סכום פון מענטשלעכע קולטור-איבערלעבונגען – און האָט זיי אַנטפּלעקט אין אַ געוואַלטיקער קאָנצענטרירטקייט אין בעטכאָווענס שאַפן. דער העכסטער עטישער פּאַפאָס באַהעפט זיך דאָ אָרגאַניש מיט דעם בייטסטן קאָסמישן וועלטבאַנעם. דאָס איז דער פולקומסטער מוזיקאַלישער פּאַנטעאיזם.

נאָך דעם העכסטן אויפשוואונג פון דער אינסטרומענטאַלער טאָנמאָלעריי*) מיט איר

*) „איך האָב שטענדיק אַ בילד אין מיינע געדאַנקען, בעאיים איך קאָמפּאָניר, און אַרבעט לויט דעם בילד“ (בעטכאָווען).

קאָסמישן פּאַרנעם ווענדט זיך די מוזיק פונם 19 יאָרהונדערט צום מענטשלעכן מיקראָקאָסם מיט זיין סכום ליריש-פּסיכישע איבערלעבונגען. דעם מוזיקאַלישן אויבנאָן פאַרנעמט די וואָקאַלמוזיק — די ליד.

שובערט (געשט. 1828), מענדעלסאָן-באַרטאָלדי (געשט. 1847) און שומאַן (געשט. 1856) וועבן אַריין אינם ליד די גאַנצע ראָמאַנטישע בענקשאַפט פון דער עפּאָכע. באַהעפטנדיק דעם טאָן מיטן וואָרט, דערנענטערן זיי די מוזיק צו דער דיכטונג און באַרייכערן דעם מעלאָס מיט נייע פּרוכטבאַרע געפיל- און שטימונגאינהאַלטן.

פּאַראַלעל מיטן פּראָצעס פון צופּאַסן די מוזיק צו דער פּאָעזיע איז פאָרגעקומען אויך די דערנענטערונג פון מוזיק און דראַמע.

דעם ערשטן געלונגענעם פּרוּוו אַריינצוטראָגן אין דער מוזיק דעם דראַמאַטישן מאָמענט און שאַפן די אָפּער האָט געמאַכט גלוק (געשט. 1787). דערביי נעמט ער זיין דראַמאַטישן מאַטעריאַל קאַמאַט נאָר פונם אַלטן גריכנלאַנד. דער אַלזייטיק-גענימאַלער מאָצאַרט באַרייכערט די אָפּער מיט טראַגישע און קאָמישע עלעמענטן פון דער מיטלאַלטערלעכער קולטור. אין וועבערס (געשט. 1826) אָפּערן באַהעפט זיך די מוזיק מיטן מאָדערנעם פאָלקלעבן. דעם פּראָצעס פון צונויפגיסן דעם וואָרט, די האַנדלונג און דעם טאָן האָט פאַרענדיקט ריכאַרד וואַגנער (1831—1883), דער גענימאַלסטער מוזיקדראַמאַטורג און מוזיקדיכטער. וואַגנערס מוזיק ציט זיך, ווי אַן אומענדלעכע מעלאָדישע קייט, אָן איבעררייסונגען און אויסרופונקטן. אַ קייט, וואָס איז אָרגאַניש צונויפגעפלאָכטן מיטן שטראָם פון דער האַנדלונג, מיטן גייסט פון דער דיכטונג. אומעטום געפינען זיך די וואָרצלען פון וואַגנערס שאַפן — אין דער גרויסער נאַטורוועלט, אינם טהום-טיפן פאָלקמיף, אין דער רייכער שטימונגס- און געדאַנקענוועלט פונם יאָביד. און אַלץ איז צונויפגעגאָסן אין איין פאַרגייסטיקטן שטראָם פון טענער, אַלץ איז פאַראַרבעט אין אַ העכערער צייטלעכער איינהייט.

וואַגנערס טראַדיציעס האָבן ווייטער אַנטוויקלט ביזע (געשט. 1856) און דער גרויסער רוסישער קאָמפּאָזיטאָר רימסקי-קאָרסאַקאָוו (געשט. 1908).

דער געדאַנק, די אידיי באַקומט אין דער מוזיק די גרעסטע האַשפּאָע און צייכנט אָן פאַר דער מוזיק איר פּלאַן און וועג — די פּראָגראַממוזיק.

אויב אין דער ערשטער העלפט פונם 19 יאָרהונדערט איז געשטאַנען אינם גייסטיקן צענטר פונם מוזיקאַלישן שאַפן דער מענטש, אַלס טרעגער פון געפילן און שטימונגען, ווערט אין דער צווייטער העלפט פונם 19 יאָרהונדערט דער שווערפּונקט אַריבערגעטראָגן אַפן מענטש, אַלס סוביעקט פון געדאַנק און אידייען. אין אַ געוויסן זין ווערט די מוזיק אונטערטעניק דער אידיי. מיט דער פּראָגראַממוזיק גייט איבער די שאַפונגהעגעמאָניע אין דער מוזיק צו דער ליטעראַטור.

מיט העקטאָר בערליאָז (געשטאָרבן 1869) הייבט זיך אָן די פּראָגראַמטקופּע אין דער מוזיק. זיין גייסט באַוועגט זיך אין ביידאָנס געדאַנקענוועלט. די לאָגיק הייבט אָן באַהערשן דעם קלאַנגענשטראָם. בערליאָז איז דער פאָטער פונם לייטמאָטיוו, ד. ה. פונם ריינעם געדאַנק אויסגעדריקט אין טענער, וואָס דאַרפן יעדן מאָל לויטן פּראָגראַם פון קאָמפּאָזיטאָר אַרויסרופן באַם הערער אַ באַשטימטע אידיי. די פּאָעטישע אידיי שמעלצט צונויף באַ בערליאָז די איינצלנע טײלן פון דער סימפאָניע אין אַן אומצערטרענלעכע מוזיקאַלישע איינהייט, געטראָגן פון איין געדאַנקענגריטם — די סימפאָנישע דיכטונג.

וואַגנער האָט ווייטער געפירט די אַרבעט פון בערליאָז און אָנגעווענדעט די אייגענע פּרינציפּן אַפן געביט פון דראַמע און פון וועלטאַנשויאונגמוזיק. דער דריטער פונם דרייסטערן איז פראַנץ ליסט (געשט. 1886), וועמעס באַדייטנדסטע מוזיקאַלישע ווערק זיינען

סימפאָנישע איבערדיכטונגען פון דאַנטעס, געטעס און הוגאָס ליטעראַרישע ווערק.

אויב באַ אָט די קלאַסיקער פון דער פראָגראַממוזיק ווערט נאָך מער אָדער ווייניקער איינגעהאַלטן אַ גלייכגעוויכט צווישן וואָרט און טאָן, האַנדלונג און טאָן, געדאַנק און טאָן, פירט די נייסטע מוזיקאַלישע אַנטוויקלונג צו דער פולער הערשאַפט פון דער ליטעראַרישער אידיי איבער דער מוזיק.

ריכאַרד שטרויס (געבאָרן 1864) איז דער אָנפירער פון דער נייסטער ריכטונג. ער אַנערקענט ניט קיין מוזיק אָן קאַוואָנעס. קאָמפּאָנירן הייסט פאַר אים — טראַכטן אין קלאַנגען, פילאָזאָפירן דורכן אָרקעסטער. („אַלזאָ שפּראַך זאַראַטוסטראַ"). הומאָר, סאַטירע, ‑סאַרקאַזם, איראָניע — אַלע ליטעראַרישע מינים טראָגט שטרויס אַריין אין דער מוזיק. אין דער סימפאָניע ווערן די אייגענע פרינציפּן אָנגעווענדט פון ג. מאַלער (געשטאָרבן 1914).

דערביי האָט די אידייאיש=מוזיקאַלישע פאַנטאַזיע געמוזט זיך אנשטויסן אָן די ביז=איצטיקע קאַנאָניזירטע האַרמאָניען און קלאַנגענפאַרבינדונגען, ווי אַף אַ מעניע צו איר פרייער אַנטפלעקונג. אין מעשעך פון דריי יאָרהונדערטן האָט זיך אויסגעאַרבעט און איז פאַרגליווערט געוואָרן אַ געוויסער האַרמאָנישער טראַפאַרעט, אַ סאַלאָנמעסיקע פאַרפוצונג פון די קלאַנגענפאַרבינדונגען. און עפשער איז עס — דער מוזיקאַלישער אָפּקלאַנג פונם קוואַליטעט=פרינציפּ, וואָס הערשט אין דער רוימוועלט?

דער פרייער צייטשטראָם פון דער מאָדערנער מוזיק האָט קוידעם=קאָל געמוזט שטרעבן זיך צו באַפרייען פון אָט די טראַדיציאָנעלע האַרמאָנישע רוימפּענטעס.

די מאָדערנע קאָמפּאָזיטאָרם (שטרויס, מאלער, דעביסי, סקריאַבין) צערייסן אָפּט דעם האַרמאָנישן פאָדים דורך דיסהאַרמאָנישע קלאַנגענפאַרבינדונגען. און אויב ניט שטענדיק שיינען אונז זייערע דיסהאַרמאָניען און דיסאנאנסן באַרעכטיקט דורך דער קינסטלעריש=מוזיקאַלישער נויטווענדיקייט, שפּילט דאָ אַ באַדייטנדיקע ראָל דאָס, וואָס אונזער אויער איז ערצויגן אַף קלאַסיש=האַרמאָנישע מעלאָדיען, קעגן וועלכע עס ווערן גראַד אָנגעווענדט די נייע מעטאָדן פון דיסהאַרמאָניע און דיסאָנאַנסן אין אַן אָפּטמאָל איינזייטיקער קאַמפּצוגעשפּיצטקייט (פוטוריזם).

אין דער אייגענער צייט מערקט זיך אָן אין דער מוזיקאַלישער, ווי אויך אין דער נייער פּאָעטישער ריטמיק, אַ נייע באַדייטנדיקע טענדענץ — צו פאַרבייטן דער איינאַרטיגן מאָנאָטאָנעם אינדיווידואַליסטישן ריטם דורך אַ האַרמאָנישע צופּאַסונג און צונויפגיסונג פון מערערע איינצלריטמען אין אַ קאָלעקטיווער עסטעטישער איינהייט. אָט די פּאָלירטמישע טענדענץ באַקומט אַן אַלץ וואַקסנדיקע באַדייטונג אין דער מאָדערנער מוזיק.

דאָס אַלץ באַווייזט, אַז דער מוזיקאַלישער שאַפנגייסט זוכט נייע האַרמאָנישע פאָרמען, ניט געבונדענע, פעסט צוגעמאָסטענע, אַנטליענע פון דער פאַרגליווערטער רוימוועלט, נאָר עלאַסטישע, אינערלעך פרייע, געטראָגענע פונם אייביקשאַפנדיקן צייטשטראָם.

מיר קאָנסטאַטירן אַף אַזאַן אויפן, אַז די מוזיקאַלישע אַנטוויקלונג האָט זיך אָנגעהייבן אין אַלטערטום פון דער פּלאַסטיש איינשטימיקער מוזיק, איז געוואָרן אין מיטלאַלטער פילשטימיק=מאָלעריש און איז אַריינגעטראָטן אינם 17 יאָרהונדערט אין דער טקופע פון זעלבשטענדיקער האַרמאָנישער מוזיק. ביזן סאָף פון 19 יאָרהונדערט הערשט אין דער מוזיק די געבונדענע „רוימהאַרמאָניע", וועלכע ווערט אין דער נייסטער צייט אַרויסגעשטויסן דורך פּרוואון פון פרייע „צייטהאַרמאָניען".

אין העסקעם מיט דער טענדענץ איז אויך פאָרגעקומען דער אופבליען און די עוואָלוציע פון די פאַרשיידענע מוזיקפאָרמען: עפּיש=פּלאַסטישע אָראַטאָריע (באַך, הענדל) —

מאָלערישע סאָנאַטע און ס י מ פ אָ נ י ע (מאָצאַרט, בעטכאָווען) – טעאַטראַלישע אָפּער און מ ו ז י ק ד ר אַ מ ע (גלוק, מאָצאַרט, וואַגנער) – ראָמאַנטיש=ליטעראַרישע ל י ד (שובערט, שומאַן) – אידייאיש=פילאָזאָפישע סימפאָנישע ד י כ ט ו נ ג (בערליאָז, שטרויס, סקריאַבין).

ווידעראַמאָל דער וועג פון רוים צו צייט.

– ל י ט ע ר אַ ט ו ר –

ליטעראַטור איז די קונסט אויסצודריקן די שיינקייט פון דער רוימצייטוועלט דורכן וואָרט. אין דער וואָרטקונסט, באַזונדערס אין דער פּ אָ ע ז י ע, שפּיגלט זיך אָפּ בוילעטער, ווי אין אַנדערע קונסטצווייגן, דער לעבנגעפיל פון דער טקופע. דער וואָרט געהערט צו די רייכסטע און בויגיקסטע קינסטלערישע אויסדרוקמיטלען. אין דער פּאָעזיע אַנטפּלעקט זיך דעריבער פולער און אַלזייטיקער דער ריטם פון געגעבענעם לעבנגעפיל.

דער לעבנגעפיל פון יעדער עפּאָכע שפּיגלט אין זיך אָפּ דעם ריטם פונם געזעלשאַפטלעכן אַרבעטפּראָצעס.

דער אַ ל ט ע ר ט ו ם סיי אין מיזרעך, סיי אין מייrעוו איז געבויט אויף טעמפּ מעכאַנישער שקלאַווןאַרבעט, אָן אייגענע גייסטיקע אימפּולסן. דער ריטם איז פּאַראייביקט אין דער עגיפּטישער פּיראַמידע און אין דער גריכישער סטאַטוע. דאָס איז די שיינקייט פון סטאַטישן גלייכגעוויכט, פון פּלאַסטישער פּאַרגליווערטקייט, אָנהייבנדיק פון דער אָפּגעקלערטער רו פונם אָלימפּ און ענדיקנדיק מיט דער פּאַרגליווערטער פּוסטקייט פון דער נירוואַנאַ.

אין די קינדעריאָרן פון דער מענטשהייט פאָרמירן די אַלמעכטיקע נ אַ ט ו ר איינדרוקן די עסטעטישע איבערלעבונגען פונם מענטשן. דעריבער איז די פּאָעזיע פון די עלטסטע פעלקער, ווי אויך פון אַלע ווילדע פעלקער, אין טאָך ניט מער, ווי אַן אָפּשפּיגלונג פון זייער נאַטורעליגיע. – די פּאַסנדסטע פּאָעטישע פאָרם איבערצוגעבן אָט די נאַטוראיינדרוקן איז דער ע פּ אָ ס.

עפּאָס איז די פּאָעזיע פונם פּלאַסטישן געזעלשאַפטלעכן לעבנגעביי, פונם סימעטריש=רוימלעכן צוזאַמענלעבן. מיט דער הילף פון וואָרטסקולפּטור און וואָרטמאָלעריי שאַפט דער עפּאָס אַ קאָנקרעטן בילד פון דער געזעלשאַפט און אין אַ באַשטימטן רוימלעכן צושטאַנד. דורך פּאַרביקע נאַטורבילדער און בוילעט=קאָנקרעטע איינצלהייטן שאַפט דער עפּאָס אַן אַרכיטעקטוראָפּשפּיגלונג פון דער געזעלשאַפט. און דער אַרכיטעקט, וואָס שאַפט דעם פּלאַן און דעם מאַטעריאַל פאַרן ליטעראַרישן ביניען, איז די נאַטור.

אין „ר י ג=ו ו ע ד אַ“, דער עלטסטער רעליגיעזער פּאָעזיע פון די אינדוסן, פאָרן אַרום איבערן הימל, ווי לעבעדיקע באַשעפענישן, די זון, די שטערן, דער ווינט, דער באַגינען. דאָס איז די אַ נ י מ י ס ט י ש ע פּאָעזיע, דער עסטעטישער פּאַפּאָס פון דער נאַטורהערשאַפט, פונם אַלמעכטיקן רוים, וואָס דיקטירט זיינע געזעצן און פאָרשטעלונגען דעם מענטשלעכן גייסט. דעם אייגענעם כאַראַקטער טראָגט דער גאַנצער עפּאָס פון די אינדוסן: „ר אַ מ אַ י אַ נ אַ“, די מאַגיש=מיפּאָלאָגישע געשיכטע פון די אינדוסן, און „מ אַ ג אַ ב ג אַ ר אַ ט אַ“, די גרעסטע אין קאַמוס נאַטורעפּאָפּייע אין דער וועלטליטעראַטור (240,000 פערזן).

אין דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג ווערט די מיפּאלאָגיש=קאָסמאָגאָנישע פּאָעזיע אַלץ מער דורכגעדרונגען מיט ריין מענטשלעכע מאָטיוון: פון געטער ווערן האַלבגעטער, דערנאָך העלדן מיט איבערמענטשלעכע מיילעם און צום סאָף היסטאָריש=מענטשלעכע געשטאַלטן. דאָס איז דער וועג פון יעדן עפּאָס.

דער ג ר י כ י ש ע ר עפּאָס, „איליאַדע“ און „אָדיסעאַ“, איז שוין קאָמאַט אינגאַנצן פריי פון טעאָלאָגישע מאָטיוון. עס באַוועגט זיך דאָ דער גריכישער פאָלקמענטש מיט זיין לעבנ=

שטייגער און אידייענוועלט. און די באַוועגונג איז גלייכמעסיק, צוגעמאָסטן און אין העסקעם מיט איר באַוועגט זיך דער געלאַסן־מאַיעסטעטישער העקזאַמעטער, דער מעכאַניש־צוגעמאָסטענער, פּלאַסטישער ריטם פון דער נאַטורפּאָעזיע.

אינם מיטלאַלטער שטייען צווישן מענטש און נאַטור די קירך און דער שלאָס. די וואונדעררעליגיע האָט די נאַטורוואונדער אַרויסגעשטויסן. און דער רויבריטער האָט פון זיין שלאָס אויס פאַרפלייצט די וועלט מיט בלוטיקע מאיסים און וואַסערדיקע סאַנטימענטן. דריי אוניסאָנריטמען באַגעגענען זיך, גיסן זיך צונויף און באַהערשן דעם לעבנגעפיל פונם מיטלאַלטער: פונם נאַכטיקן הימל די קלויסטערגלאָקן. – פונם ווייטן לאַנדוועג די פערדנטריט פונם ריטער. – און אין פינצטערע שטאָטגעסלעך דער האַמערקלאַפּ פונם באַלמעלאָכע. און, ווי אַן עכאָ, קלינגט דער אייגענער ריטם צו אונז אינם פערזנריטם פון דער מיטלאַלטערלעכער פּאָעזיע, אינם „שטאַבריים".

אָט דעם ריטם פון האַנס זאַקס, דעם שוסטער און פּאָעט דערצו, שפּירן מיר אין דער גאַנצער מיטלאַלטערלעכער דיכטונג:

אין די שפּאַנישע „ראָמאַנצעראָס", אין די דייטשע „ניבעלונגען", אינם פראַנצויזישן „ראָלאַנדליד" ביז צו דאַנטעס „געטלעכער קאָמעדיע", אַלס ווייטער אָפּגעקלערטער אָפּקלאַנג.

אין מעשעך פון 16, 17 און 18 יאָרהונדערטן האָט די פּאָעזיע זיך באַפרייט פון גאָט און זיך הומאַניזירט, ד. ה. אַריינגעזאַפּט אין זיך בעהאַדראָגע דעם גאַנצן סכום וועלטלעכע איבערלעבונגען. אין דער אייגענער צייט איז די ליטעראַטור באַרייכערט געוואָרן מיט אַ דריי נייע פאָרמען: קוידעם־קאָל עפּישע, ווי ראָמאַן (סערוואַנטעס, געשט. 1613, „דאָן־קיכאָט"), פּאָעמע (מילטאָן, „פאַרלאָרענער גאַנידן", 1665). ס'בליט מעכטיק אויף און דערגרייכט דעם אַפּאָגיי די דראַמאַטישע ליטעראַטור (שעקספּיר, מאָליער).

צום סאָף פונם 18 יאָרהונדערט איז אַף אַזאַן אויפן צוגעגרייט געוואָרן דער גרויסער ליטעראַרישער אויפשוואונג אין אייראָפּע. דער מענטשנגייסט איז אויסגעוואַקסן, זיך באַפרייט פון טויזנטיעריקע פענטעס און דערשפּירט אין זיך דעם מעכטיקן ווילן צו וועלטהערשאַפט, וואָס צייכנט אָן פאַר אים אַלץ העכערע און ווייטערע צילן. און אין דער אייגענער צייט טראָגט זיך אַריבער דער שווערפּונקט פון דער ליטעראַרישער אַנטוויקלונג אַף דער ליריק, דער פּאָעזיע פון גייסטיקער באַוועגונג.

די ליריק ווערט געשפּייזט דורך די פאַרבאָרגנסטע איבערלעבונגען פון דער נעשאָמע. די אויסערלעכע, רוימלעכע דערשיינונגוועלט באַנוצט זי נאָר, ווי אַ מאָשל. ליריק איז דורך און דורך דינאַמיש, פול גייסטיקע סטירעס און זיגזאַגן. זי באַקומט איר איינהייטלעכקייט נאָר פון דער דיכטערישער פערזענלעכקייט, געטראָגן פונם מעכטיקן צייטשטראָם. דאָ איז ניטאָ קיין אַרכיטעקטורגאַנצקייט, אָפּטמאָל איז אַפילע קיין סיוזשעט ניט פאַראַן. אַ שאָטן, אַ ניואַנס, אַ האַלבטאָן, אַן אָנצהוערעניש, אַ ווייטער שטילער אָפּקלאַנג, אַ צאַרטער הויך פון דער נעשאָמע, אַ רעמעז אַף געדאַנקענאַסאָציאַציעס. דאָס איז דער אַרסענאַל פון דער ליריק. און די ווירקונג ווערט באַשאַפן דורך דער ריטמיש־מוזיקאַלישער פאָרם.

די ליריק האָט דעריבער געשפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל אינם „שטורם־און דראַנגפּעריאָד", וואָס הייבט זיך אָן אין דייטשלאַנד סאָף 18 און אָנהייב 19 יאָרהונדערט.

געטע (1749—1832) און שילער (1759—1805) זיינען די העראָלדן, וואָס זאָגן אָן, אַז די ליטעראַטור טרעט צו איבערצונעמען די אַלגעמיינע קולטורהעגעמאָניע. אַפן שוועל פון דער נייער טקופע שטייט „פויסט", דער טראַגישער סימוואָל פון מענטשלעכער ביינקשאַפט נאָך וועלטהערשאַפט, דער אייביקער סימוואָל פון קאַמף פונם צייטגייסט קעגן דער רוימוועלט.

דער גוואַלדיקער ראָמאַנטישער אופּפלי פונם מענטשנגייסט האָט זיך אָבער גלייך אָנגעשטויסן אָן די הויכע בינעזישע מויערן פון דער קאַפּיטאַליסטישער קנעכטשאַפט, און באַלד נאָך דער דייטשער אָנגריפהיסלאַהאַווע קומען די איינגלישע פּראָטעסט־און יאיעשטימונגען. דער דעמאָניש־סאַרקאַסטיש געפּאָרבענער ראָמאַנטיזם פון בייראָן (געשט. 1824) און שעלי (געשט. 1822) זיינען דער העמשעד פונם גרויסן באַפרייאונגקאַמף. די ליידן און זוכענישן פון „טשאַילד־האַראָלד” און דער פרייהייטדורשט פון „פּראָמעטיי” זיינען אַ באַדייטנדיקער עטאַפּ אַפן וועג צו דער רוימבאַהערשונג.

דעם פּאָדים האָט ווייטער געשפּונען די רעוואָלוציאָנערע פראַנקרייך. וואָס דאַנטעס „געטלעכע קאָמעדיע” איז געווען פאַרן מיטלאַלטערלעכן לעבנשטייגער, דאָס האָט געוואָלט באַשאַפן באַלזאַק (געשט. 1850) בעגוויגיע צו דער בירגערלעכער געזעלשאַפט אין זיין ניט־פאַרענדיקטער ראָמאַנסעריע „די מענטשלעכע קאָמעדיע”. אין דער אייגענער צייט האָט וויקטאָר הוגאָ (געשט. 1885) זיך אַראָפּגעלאָזן אין די טיפענישן פונם סאָציאַלן אָרגאַניזם און מיט באַגייסטערטער ליבע באַלויכטן דעם גוירל פון די „אומגליקלעכע”. דאָס זיינען גראַנדיעזע בילדערגאַלעריען, וואָס האָבן פאַראייביקט דעם לעבנשטייגער פון דער טקופה.

דעם גינסטיקסטן באָדן האָט די צייטטענדענץ געפונען אין רוסלאַנד, אינם פאָלק מיט דער רייכסטער גייסטיקער און אָרימסטער מאַטעריעלער קולטור. קאָלאָסאַלע קולטור־מיגלעכקייטן, געשמידט אין קייטן פון סאָציאַל־פּאָליטישן דעספּאָטיזם, האָבן באַקומען זייער אויסדרוק אין דער גרויסער רוסישער ליטעראַטור, וואָס האָט אַריינגעזאַפּט אין זיך די גאַנצע שאַפנקראַפט פונם רוסישן פאָלק אין 19 יאָרהונדערט.

אייגענע, פונם פרעמדן אויג פאַרבאָרגענע וועגן האָט זיך אויסגעטראָטן די רוסישע פאָלקנעשאָמע, וועגן צו צילן, באַלויכטענע דורך זונענבאַלוימעס פון פרייהייט און גליק. אייגענע אונטערערדישע, איבערערדישע מיזרעכוועגן. – האָבן זיך אָבער באַלד די וועגן געקרייציקט מיט די גרויסע וועגן פון דער מיירעוויציוויליזאַציע. זייער באַגעגעניש האָט אַרויס־גערופן אינם רוסישן גייסט גופע צוערשט דעם ריזנדועל צווישן מיזרעך און מיירעוו, דער־נאָך דעם פּרוכטבאַרן קולטורסינטעז, וואָס האָט דערפירט די ליטעראַטור אין רוסלאַנד צו דער העכסטער מאַדרייגע.

דעם ערשטן באַדייטנדיקן שטויס האָט די רוסישע ליטעראַטור באַקומען פונם מיירעוו־אייראָפּייאישן ראָמאַנטיזם. שילער און בייראָן האָבן דאָ דעם טיפסטן און ברייטסטן אָפּקלאַנג געפונען.

נאָר אַדאַנק זיי איז פּושקין (געשט. 1837) געוואָרן פאַר דער רוסישער גייסטיקער קולטור דאָס אייגענע, וואָס פּיאָטר דער גרויסער פאַר דער פּאָליטיש־מאַטעריעלער אַנטוויק־לונג פון רוסלאַנד. די סקיפיש־קריסטלעכע רוסלאַנד, וואָס האָט געזען אין מיירעוו נאָר דעם אַנטיכריסט און די מאַשין, האָט זיך אין פּושקין צום ערשטן מאָל אָרגאַניש באַהעפט מיט די גייסטיק־שאַפנדיקע קויכעס פון אייראָפּע. ס'איז באַשאַפן געוואָרן די מיגלעכקייט פונם גרויסן קולטורסינטעז.

און איצטער הייבט זיך אָן דער קאַמף: די סלאַוויאַנאָפילן און די זאַפּאַד־ניקעס. דער רוסישער מאָשיאַך־געדאַנק, פאַר וועלכן די מיירעוויציוויליזאַציע איז דער אָנ־הייב פון סאָף, און דער אייראָפּייאישער ליבעראַליזם מיט זיין אַלגעמיינעם פּראָגרעסשאַבלאָן. און דערנאָך – די יאָרשים: די נאַראָדניקעס און די מאַרקסיסטן. דער אָטאָ־וועכאַר־טאָנו־סאָציאַליזם, וואָס האָט געבויט זיין אידעאַל אַף דער גוטער פאָלקנעשאָמע און אַף דער

פויערשער נעטיע צו יושער און גלייכהייט, און דער פּראָלעטאַרישער סאָציאַליזם, וואָס האָט זיך געררעכנט מיט די קלאַסנקויכעס און אינטערנאַציאָנאַלע אַנטוויקלונגטענדענצן.

און די רוסישע ליטעראַטור איז געשאַפן געוואָרן אין דעם קאַמף. דעריבער האָט זי אַזוי אלזייטיק און טיף אָפּגעשפּיגלט די אייגנאַרטיקייט פונם רוסישן פאָלקכאַראַקטער, ווי עס האָט זיך ניט איינגעגעבן קיין איין אַנדערן צווייג פון דער וועלטליטעראַטור צו באַלויכטן די פאָלקנעשאָמע און אין דער אייגענער צייט צו דערגרייכן אַזאַ אַלמענטשלעכע הויך. דעריבער בילדן דעם קולמינאַציאָנפּונקט פון דער ביזאַנטיקער ליטעראַרישער וועלטעפּאָכע — דאָסטאָיעווסקי און טאָלסטאָי.

ד אָ ס ט אָ י ע וו ס ק י (געשט. 1881) איז די העכסטע קינסטלערישע אַנטפּלעקונג פון דער וועלטהיסטאָרישער מאַכלייקע צווישן נעשאָמע און גוף, צווישן דער גרעסטער נעשאָמע, וואָס איז באַגייסטערט מיט די ווייטסטע הימלצילן, און דעם שטאַרקסטן גוף, וואָס איז פול מיט אַכזאָריעסדיקע ערדלייִדנשאַפטן. און אין דעם טיטאַנישן קאַמף איז די נעשאָמע אינגאַנצן גוווער דעם גוף. דער צייטמענטש טריאומפירט איבער דער רוימוועלט. אַף דער הויך איז פאַרשטומט געוואָרן דער שטרייט צווישן מיזרעך און מיירעוו (דאָסטאָיעווסקי און טורגעניעוו אַפן פּושקין־יובילייִ).

ט אָ ל ס ט אָ י (געשט. 1911) איז די העכסטע פאַרקערפּערונג פונם גאָטזוכנדיקן און פון טייוול געפּלאָגטן רוסלאַנד, און אין דער אייגענער צייט די טראַגיקאָמישע עוואַנגעליע פון דער קאַפּיטאַליסטישער טקופע. די געניאַלסטע קינסטלערישע אַנטפּלעקונג פון דער אַלמענטשלעכער סטירע צווישן דער שלעכטער לעבנאינערציע און דער גוטער קאַוואָנע, צווישן וויסן און געוויסן. און צו אָפט איז די אַקטיווע שלעכטס גוווער די פּאַסיווע גוטס.

אָט דער גוואַלדיקער אידעאַליזם און דורכגייסטיקייט פון די צוויי נעוויאישע אַנטפּלעקער פון דער רוסישער און אַלמענטשלעכער נעשאָמע איז דער סאָד פון זייער אומדערגרייכבאַרער הויך און ווירקונג.

און ווי אינם קאַמף צווישן סלאַוויאַנאָפילן און זאַפּאַדניקעס זיינען אין טאָך ניט געווען קיין זיגער און קיין באַזיגטע, אַזוי האָט זיך אויך אויסגעלאָזן מיט אַ ליטעראַרישן סינטעז דער וויקועך צווישן די נאַראָדניקעס און מאַרקסיסטן. דעם אָרט פונם פאַרעץ האָט פאַרנומען דער פויער, — דעם אָרט פונם ליבעראַליזם דער פּראָלעטאַרישער סאָציאַליזם. די אוראַלטע צענטראַלפּראָבלעם פון מיזרעך און מיירעוו אין אַ נייער קאָמבינאַציע. די רוסישע ליטעראַטור האָט ווייטער געפירט די טראַדיציעס פון דאָסטאַיעווסקי און טאָלסטאָי.

ג אָ ר ק י שפּירט אין זיך ביידע נעשאָמעס, וואָס לעבן אינם רוסישן פאָלק: די אַזיאַטישע און די אייראָפּייאישע, און פילט דעם טהום, וואָס טיילט זיי אָפּ פונאַנאַנדער. אָבער זיין פּראָלעטאַרישער ראָמאַנטיזם האָט אַריבערגעוואָרפן אַ בריק איבערן טהום. דער געזעלשאַפטלעכער „אונטן" רייסט זיך צו דער העכסטער און ריינסטער אַלמענטשלעכקייט און צו וועלטבאַהערשונג. און די ציוויליזירטע אייראָפּע דאָט פאַרוואונדערט זיך צוגעהערט צו דער ווייטער מיזרעכשטים.

און אָט איז שוין דער סקיף ב ל אָ ק (געשט. 1921) אַריבער אין אַן אָפֿענעם אָנגריף קעגן דער מעכאַניזירטער מיירעוו־ציוויליזאַציע.

דער פרייער מענטשנגייסט קעגן דער דעספּאָטיע פונם מאַטעריאַליסטישן רעועך. און טיף פאַרוואונדערט שווייגט דעם ציוויליזירטער מיירעוו. און היינט קלינגט, ווי אַ טריאומפגעשריי, די סאַרקאַסטישע גוואורע פון מ אַ י אַ ק אָ וו ס ק י, דעם עסטעטישן פאָנענטרעגער פון די „150,000,000" קעגן דער מיליאַרדנוועלטהערשאַפט.

און אין אַ סימוואָלישן אוניסאָן קלינגען אין דער הײנטיקער רוסישער ליטעראַטור די שטים פון גאַסטעוו, דעם פּאָעט פונם „אַרבעטערקלאַפּ“, און דער הימן „פוגאַטשאָוון“ פון יעסענין, דעם פּויערימדיכטער.

אָט די מאָדערנע פוטוריסטיש-אימאַזשיניסטיש-עקספּרעסיאָניסטישע דיכטונג פאַרענדיקט דעם היסטאָרישן אַנטוויקלונגקרייז פון דער ליריק: פון דער אַנימיסטישער נאַטורליריק דורך די פאַרשיידענע איבערגאַנגפאָרמען פון לירישע נאַטורטראַפּאַרעטן, ווי לעוואָנע, בלומען, פרילינג, מאַלאָכים א. א. וו., ביז צו דער הײנטיקער גייסט-ליריק, וואָס פאַראייניקט אין זיך דעם בוילעטסטן רעאַליזם מיט דער העכסטער גייסטיקייט. דערביי באַקומט די בילדלעכקייט און די נאַטוראַנאַלאָגיע די ברייטסטע אָנווענדונג. אָבער דאָ איז שוין די נאַטירלעכע רוימוועלט ניט מער דער באַהערשער פונם פּאָעטישן שאַפן, נאָר — אַ פאַרביק מיטל אויסצודריקן, איבערצוגעבן אַ ריין גייסטיקן צושטאַנד. און די הערשאַפט פון גייסט דערהייבט אָפט די פיזישעסטע, אַלטעגלעכסטע דערשיינונג צו דער מאַדרייגע פון ריינסטער עסטעטישער איבערלעבונג.

צוזאַמען מיטן אידייאישן אינהאַלט פון דער לירישער דיכטונג האָט זיך אינגאַנצן געביטן איר פאָרמבילדנדיקער ריטם.

דער לעבנגעפיל פון דער קאַפּיטאַליסטישער טקופע באַקומט זיין ריטם פון דער ראַמפּמאַשין. דער מאָנאָטאָנער ריטם באַגרינדט און פאַרשטאַרקט די הערשאַפט פונם געבונדענעם ריפמירטן פערז, געטראָגן פון אַ פעסטן איינהייטלעך אויסגעהאַלטענעם מעטר (פערזמאָס). אַלס קלאַסישער ביישפּיל פון אָט דער ריפמירטער, מעכאַניש-צוגעמאָסטענער און צוגעשניטענער ליריק וועט בלייבן היינריך היינע (געשט. 1856).

וואָס גיכער און שטורמדיקער עס ווערט דער טעמפּ פון דער מאַשין — אויטאָ, אַעראָפּלאַן! — אַלץ באַוועגלעכער און אינטענסיווער ווערט די ריטמיק פון דער פּאָעזיע. „שיין איז גיך!“, דערקלערט אַלס העכסטן עסטעטישן פּרינציפּ דער פוטוריזם.

די רעוואָלוציע, וואָס די עלעקטריציטעט טראָגט אַריין אין דער מאָדערנער טעכניק, האָט געלאָזן ווייט הינטער זיך דעם פוטוריסטישן טעמפּ. דער בליצריטם פונם עלעקטרישן שטראָם, דער פּלאַנעטאַרישער ראַדיאָפיבער ווערט דער שאַפער פונם נייעם לעבנגעפיל און דער פּראָטאָטיפּ פון דער נייסטער ריטמיק. „שיין איז קורץ!“, ווערט דער נייער עסטעטישער אַני-מאַמין. דערשטאַרקער, קאָנצענטרירטער ראַקורס, וואָס נעמט אַרום מיט איין גייסטבליץ אַ גאַנצן סכום פון איבערלעבונגען.

אָנגעשטריינגטער מוסקל. אנגעשפּאַנטע נערוון. בליציקער ווילנאופרייס.. דאָס שאַפט דעם נייעם ריטם. ער וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם אָפּגעטראָגענעם בגד פון דער קלאַסישער מעטריק, די רוימלעך-צייטלעך צוגעמאָסטענע שאַבלאָנען. ס'איז שוין געבאָרן געוואָרן דער פרייער פערז, אָן יעדער ריפמע, פול מיט דיסאָנאַנסן, אַ געפּלעכטס פון פאַרשיידענע און געבראָכענע פערזמאָסן, וואָס קלינגט אָפטמאָל אין אונזער אויער, ווי אַן אומעסטעטישע צונויפמישונג.

ווערכאַרן, רעמעל, דויטענדיי, מאָמבערט, בלאָק, מאַיאַקאָווסקי, גאַסטעוו, — אַזוי עוואָלוציאָנירט דער פרייער פערז. און וואָס ווייטער, שיילט זיך אַרויס פון דער קאַמאַט מעכאַנישער ריטמענצונויפמישונג אַן אָרגאַנישע פאַרבינדונג און פאַרשמעלצונג פון פאַרשיידענע ריטמען אין איין האַרמאָנישער עסטעטישער איבערלעבונג.

דאָס איז איינג צונויפגעבונדן מיט דער אַלגעמיינער אַנטוויקלונג פון דער ליריק, צוזאַמען מיט דער עגאָצענטרישער עראָטיק פאַרשווינדט פון דער דיכטונג דער אינדיווידואַליסטישער ריטם. דער קאָסמיש אוניווערסאַליסטישער כאַראַקטער פון דער נייסטער פּאָעזיע

באַקומט אַ פאָרמעלע פאַרענדיקונג אין דער קאָלעקטיווויסטיש־האַרמאָנישער „פּאָליריטמיק״ (פּילריטמישקייט) פון דער דיכטונג.

דער לעבנגעפיל פונם אַרבעטמענש, וואָס איז ניט מער נאָר אַ צוגאָב צו אַ געוויסן טייל פון דער מאַשין, נאָר וואָס באַהערשט שוין דעם גאַנצן פאַרצווייגטן אַרבעט־פּראָצעס מיט זיינע צאָלרייכע האַרמאָניש־צונויפגעפלאָכטענע און קאָאָרדינירטע ריטמען, — אָט דער לעבנגעפיל שאַפט אַ נייע קאָלעקטיוויסטישע, פּאָליריטמישע און פּאָלימעטרישע דיכטונג. דאָ איז דער פערזמאָס ניט מער דיקטירט דורך אַ פעסט באַשטימטער רוימלעך־צייטלעכער איינגעטיילטקייט. ער ווערט געטראָגן פונם פריי שאַפנדיקן, עלאַסטיש בויגיקן און שטענדיק זיך בייטנדיקן צייטשטראָם.

דער סאַכאַקל פונם קורצן איבערבליק איז: די אַלגעמיינע טענדענץ און דער אַנטוויקלונגסיידער פון די ליטעראַרישע מינים איז: פון עפּאָס איבער דראַמע צו ליריק.

די לירישע פּאָעזיע מאַכט ווידעראַמאָל דורך דעם וועג פון רוימלעך־אָריענטירטער נאַטורלירריק צו צייטלעך־פרייער גייסטלירריק.

דער כאַראַקטער פון דער דיכטונג איז אין אָנהייב אַנימיסטיש מיטן רוימלעך־פאַראַנקערטן נאַטורפּאָס, און היינט אימאַזשיניסטיש־עקספּרעסיאָניסטיש מיטן שווערפונקט אין דער צייטלעך־סטימולירטער עסטעטישער נאַטורבאַהערשונג.

די עוואָלוציע פונם פערזמאָס הייבט זיך אָן פונם מאָנאָמעטרישן און מאָנאָריטמישן רוימלעך־צוגעמאָסטענעם העקזאַמעטער און ענדיקט זיך מיטן פּאָלימעטרישן און פּאָליריטמישן צייטלעך־באַוועגלעכן פרייען פערז.

ווידעראַמאָל דער אַרופשטייגן פון רוים צו צייט.

– וועלטאויפאַסונג –

כ׳וויל נאָך קורץ באַרירן דעם דריטן גרויסן צווייג פון קולטורשאַפן: וועלטפאַרשטיין, וועלטאויפאַסונג.

ווי שאַפט זיך דער מענטש זיין בילד פון דער וועלט אַלס איינהייט? דורך דעם אַנאַליז פון זיינע איינדרוקן און פאָרשטעלונגען וועגן דער רוימצייטוועלט און דורך זייער סינטעז מיט דער הילף פון פאַרנומפט און אינטויציע שאַפט זיך דער מענטש אַ גייסטיק וועלטבילד, פאַר זיך, פאַר זיינע שאַפונגצילן.

דעם נאַטירלעכן אויסגאַנגפונקט פון אָט דעם שאַפן בילדן די אויסערלעכע רוימאיינדרוקן, וואָס דער מענטש באַקומט פון דער וועלט. אַף וויפיל די רוימאיינדרוקן ווערן ניט דורכגעזיפט און דורכגעלויטערט דורך דעם פאַרנומפט און ווערן גלייך באַנוצט אַלס בוי־מאַטעריאַל פאַר דער וועלטאָנשויאונג, באַקומען מיר אַ מיפאָלאָגיש־רעליגיעזן וועלט־באַנעמען מיטן שווערפונקט אין די מער אָדער ווייניקער באַשטענדיקע רוימפאָרשטעלונגען. אַף וויפיל אָבער אַלע וועלט־ און לעבנאיינדרוקן ווערן צוערשט קאָנטראָלירט דורכן סייכל־דיקן אַנאַליז און דערנאָך צונויפגעבונדן דורכן פאַרנומפטסינטעז אין אַ האַרמאָנישער איינהייט, איז זייער רעזולטאַט – די פילאָזאָפיש־וויסנשאַפטלעכע וועלטאָנשויאונג, וואו די אָנפירנדיקע ראָל שפּילן די איביק־פליסנדיקע צייטפאָרשטעלונגען.

די ערשטע פּרואוון פונם מענטשן צו באַנעמען די וועלט אַלס איינהייט האָבן דעריבער געמוזט זיין ריין מיפאָלאָגישע. מיף איז — די פּרימיטיוו־אינטואיטיווע צונויפגיסונג פון איינצלנע רוימפאָרשטעלונגען אין אַלגעמיינע רוימסימוואָלן, וואָס פאַרקערפּערן פאַרן מענטשן די וועלטאיינהייט. די הערשנדיקע נאַטורקויכעס שפּילן דעריבער די ראָל פון די אָרגאַניזירנדיקע הויפּטסימוואָלן: זון, ערד, בליץ, וואַסער, כאַיעס א. א. וו. דער נאַטורקוייעך, וואָס איז

געשטאַנען אין צענטער פונם פֿאָלקלעבן אין דער געגעבענער רוימצייט, איז אויך געווען דער הויפּטפּרינציפּ פון זיין מיפאָלאָגישן וועלטבאַנעמען.

דערפאַר איז די וועלטאָנשויאונג פונם נאַטורמענטשן און פון אַלע ווילדע פעלקער ריין מיפאָלאָגיש. קאַמאַט בײַ אַלע פעלקער פונם אַלטערטום אין מיזרעך און מייריעוו, ווי וואַ־ווילאָנער, עגיפּטער, גריכן, רוימער, איז די מיפאָלאָגיע דער גאַנצער אינהאַלט פון דער רעליגיע און דער הויפּטנערוו פון זייער וועלטאָנשויאונג. — דעם אַפּאָגיי פון מיפאָלאָגישן שאַפן האָט די מענטשהייט דערגרייכט אין אַלטן ג ר י כ נ ל א נ ד.

די היסטאָרישע אנטוויקלונג און די אָנגעקליבענע מענטשלעכע דערפאַרונג ברייננט די איינצלנע וועלטסימוואָלן אין אַ געוויסן שייכעס און אין אַ קאָאָרדינאַציע צואַנאַנדער. דער מענטשלעכער גייסט טראָגט אַריין אין זיי אַלץ מער סיסטעם און איינהייט. דורך דער סיסטע־מאַטיזירונג פון די מיפאָלאָגישע סימוואָלן ווערט געשאַפן די ר ע ל י ג י ע, דער גייסטיקער צו־זאַמענבונד*) פון אַ גרופּע דורך געמיינזאַמע וועלטסימוואָלן, וואָס דריקן אויס אַ געוויסע איינהייטלעכע באַציאונג צו דער וועלט אין באַשטימטע פאָרמען פון גלויבן און קולט.

אין יעסאָד פון אַלע רעליגיעזע פאָרשטעלונגען ליגן געפילן און שטימונגען, וואָס ווערן אַזוי אָדער אַנדערש אַרויסגערופן און באַשטימט דורך די נאַטורקייכעס. אָבער וואָס ווייטער, הייבט זיך אָן אַלץ מער אַריבערצוטראָגן דער שווערפּונקט אין דער רעליגיע פון די מיפּנ־שאַפנדיקע נאַטורקייכעס אַף די גייסטיק־אָרגאַניזירנדיקע קולטורקייכעס.

דער העכסטער אינטואיטיוו־אָרגאַניזירנדיקער נאַטורסימוואָל פון דער רעליגיע, וואָס נעמט אַרום אַלע נאַטורעלעמענטן, וואָס זיינען פונם מענטשן נאָך ניט באַהערשט, נאָר באַ־הערשן אים, איז — „ג אָ ט".

די געשיכטע פונם גאָטבאַגריף איז אין טאָך די געשיכטע פון קאַמף צווישן נאַטור און קולטור אין דער מענטשלעכער וועלטאָנשויאונג און פון דער אַלץ אינטענסיווערער באַהער־שונג פון דער נאַטור דורך דער קולטור. וואָס רייכער די מענטשהייט איז געוואָרן מיט דערפאַרונג און וויסן, אַלץ אָרימער איז געוואָרן אין אינהאַלט און גלויבן דער אַלטער גאָט־סימוואָל.

די העכסטע מאַדרייגע פון קאָנצענטרירטן רעליגיעזן שאַפן האָט די מענטשהייט דער־גרייכט אינם מ אָ נ אָ ט ע א י ז ם פון דער אַלטער י ו ד ע א. פון דאָרטן קייקלט זיך דער רע־ליגיעזער גלויבן באַרגאַראָפּ: איסלאַם, קאַטאָליציזם, פּראָטעסטאַנטיזם, פּאַנטעאיזם.

ס פּ י נ אָ ז אַ ס (געשט. 1677) פּאַנטעאיזם אַלס איינהייט פון גאָט און וועלט, מאַטעריע און גייסט, נאַטור און קולטור, אַנטהאַלט שוין אין זיך די אָפּלייקענונג פונם רעליגיעזן סימ־וואָליזם. אין דער איינענער צייט איז דער פּאַנטעאיזם דער אַנטשיידענער איבערגאַנג פון צע־שפּליטערטער רוימאָריענטאַציע צו מ אָ נ י ס ט י ש ע ר צייטאָריענטאַציע אין אַלע הויפּטפּראָבּ־לעמען פון וועלטאָנשויאונג.

אַריינדרינגענדיק אין אַלע געביטן פון מענטשלעכער אויספאָרשונג און וויסנשאַפט, האָט דער מ אָ נ י ז ם אומעטום בעהאַדראָגע אַריינגעטראָגן די צייטאידיי, וועלכע האָט אין דער וויסנשאַפט באַקומען איר אויסדרוק אין דער טעאָריע פון ע ו ואָ ל ו צ י ע, פון שטענדיקער אַנטוויקלונג, פאַרבונדן דעם אייביקן „זיין" דורכן אייביקן „ווערן".

מיט אַ פאַרביסענער אַקשאָנעס האָבן זיך געהאַלטן די מיפאָלאָגיש־רעליגיעזע פאָר־שטעלונגען אין דער וויסנשאַפט ביז צו דער לעצטער צייט. אינם אַלגעמיינעם קוק פונם מענטשן אַף דער וועלט און אַף זיין אָרט אין איר האָט לאַנגע דוירעס נאָך דער

*) „ר ע ל י ג ע ר ע" (לאַטייניש) און „ס י נ אַ ג אָ ג ע" (גריכיש) הייסט — צונויפבינדן, צוזאַמענפירן.

יערידע פון דער ריין רעליגיעזער וועלטאַנשויאונג פּאַקטיש געהערשט די אוראַלטע ש א פ ו נ ג ס מ י פ א ל א ג י ע: „עמיצער", דערנאָך „עפּעס" האָט אַלץ באַשאַפן און אַוועקגעשטעלט אַף אַ געוויסן אָרט, וועלכן עס פאַרנעמט אינם וועלטסיידער ביזן היינטיקן טאָג. אַף דעם גרונטפּרינציפּ זיינען געבויט ניט נאָר פ ט א ל א מ י י ס קאָסמישע וועלטסיסטעם (II יאָרהונד.), נאָר אויך ל י נ ע ס „סיסטעם פון דער נאַטור" (1735). אַלע פלאַנעטן און אַלע מינים לעבעדיקע באַשעפענישן פאַרנעמען פון אייביק אָן זייער געהעריקן אָרט אין דער רוימוועלט.

צום מענטשן, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן פון גאָט בעצאַלמוי, איז מען אַפילע ניט צוגעגאַנגען מיט דער פראָבלעם פון „ווערן". דער אייביקער „זיין", דער פאַרגליווערטער רוימסיידער האָט באַהערשט די גאַנצע וויסנשאַפטלעכע וועלטאַנשויאונג.

ערשט אין דער צווייטער העלפט פונם 18 יאָרהונדערט הייבט זיך אָן דער טריאומפמאַרש פון דער צייט אין דער וויסנשאַפט, דער ניצאָכן פונם אַנטוויקלונגגעדאַנק.

דער וויסנשאַפטלעכער אַליינבאַוואוסטווערן פונם קאָסמאָס דורכן מענטשן און אינם מענטשן, די אַרויסשטויסונג פון דער באַשאַפונגמיפאָלאָגיע דורך דער עוואָלוציעטעאָריע איז פאַרגעקומען אינם מענטשלעכן באַוואוסטזיין אין דעם אייגענעם סיידער, ווי די אַנטוויקלונג פון דער וועלט גופא: 1) קאָסמאָס, 2) אַנאָרגאַנישע ערדוועלט, 3) אָרגאַנישער לעבן, 4) מענטש, 5) גייסט, 6) געזעלשאַפט.

די אַנטוויקלונגאידיי איז צוערשט אָנגעווענדעט געוואָרן צום קאָסמאָס, צו דער פלאַנעטנוועלט דורך ק אַ נ ט אין זיין „אַלגעמיינער נאַטורגעשיכטע און טעאָריע פון הימל" (1755). די קאָסמאָלאָגישע עוואָלוציעאידיי איז ווייטער אַנטוויקלט און פאַרענדיקט געוואָרן דורך ל אַ פּ ל אַ ס אין זיין „וועלטסיסטעם" (1796).

אַפן יעסאָד פון דער קאָסמישער עוואָלוציע איז סיסטעמאַטיש אויסגעפאָרשט געוואָרן די געשיכטע פון אונזער ע ר ד, אַלס נאַטורוויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונגפּראָצעס, דורך ל י י ע ל (1830), דעם פאָטער פון דער וויסנשאַפטלעכער געאָלאָגיע.

בעאיים אין דער קאָסמאָלאָגיע און געאָלאָגיע, ד. ה. בענוגייע צו דער ניטאָרגאַנישער וועלט, האָט דער מענטשלעכער געדאַנק שוין אַנטפּלעקט די געזעצמעסיקייט פון דער אַנטוויקלונג, הערשט נאָך בענוגייע צו דער אָרגאַנישער וועלט דער אַלטער שאַפונגשטאַנדפונקט.

אין אָנהייב פון 19 יאָרהונדערט האָט ג ע ט ע, דער גרויסער פּאָעטאיסט, ארויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז אַלע פלאַנצנפאָרמען האָבן זיך אַנטוויקלט פונם בלאַט. בענוגייע צו דער כאַיעוועלט האָט צום ערשטן מאָל אַנטוויקלט די אידיי פון עוואָלוציע און טראַנספאָרמיזם ל אַ מ אַ ר ק אין זיין „פילאָזאָפיע פון זאָאָלאָגיע" (1809). צו דער מאַדריגע פון אַן איינהייטלעך אויסגעהאַלטענעם וויסנשאַפטלעכן סיסטעם איז די אַנטוויקלונג פון דער אָרגאַנישער וועלט דערהייבן געוואָרן דורך ד אַ ר ווי נ ס „אַנטשטייאונג פון די מינים" (1859).

איצט האָט די לאָגישע אַנטוויקלונג פונם עוואָלוציעגעדאַנק געמוזט אַרויסרופן זיין אָנווענדונג צום גויראל פונם מענטשן. ס'האָט געמוזט קלאָר געמאַכט ווערן זיין אָרט אין דער אָרגאַנישער נאַטור. די פאַרענטפערונג פון אָט דער אַ נ ט ר אָ פּ אָ ל אָ ג י ש ע ר פּראָבלעם האָט אָנגעמערקט אין אַלגעמיינע שטריכן ה ע ק ס ל י אין זיין ווערק איבער „דער שטעלונג פונם מענטשן אין דער נאַטור" (1863). אים צו הילף איז געקומען מיט זיין גאַנצער ערודיציע און אויטאָריטעט ד אַ ר ווי ן אין זיין „אָפּשטאַמונג פונם מענטשן" (1871). איר סיסטעמאַטישע וויסנשאַפטלעכע פאַרענדיקונג האָט די אַנטוויקלונגגעשיכטע פונם מענטשן באַקומען אין ה ע ק ע ל ס „אַנטראָפּאָגעניע" (1874).

אין מעשעך פֿון איין יאָרהונדערט האָט דער מענטשלעכער געדאַנק אַף אַזאַן אויפֿן דורכגעלעבט גײסטיק די גאַנצע – לויט העקעל איבער הונדערט מיליאָן יאָר לאַנגע–אַנטוויקלונגגעשיכטע פון דער ערדוועלט: פֿון דער ניטאָרגאַנישער מאַסע איבער דער בײנהאַשמאָשעסדיקער „צעלע־נעשאָמע“ פון דער אײנפאַכסטער לעבעדיקער באַשעפעניש ביז צו דער אַליינבאַוואוסטער און פאַרנומפטיקער מענטשלעכער נעשאָמע.

די אָנווענדונג פונם אַנטוויקלונגגעדאַנק בענויגייע צו דער ניטאָרגאַנישער וועלט האָט שוין אַף אַזוי פיל צוגעוויינט דעם מענטשלעכן גייסט צו דער אידיי, אַז שוין אין אָנהייב פון 19 יאָרהונדערט האָט העגעל געמאַכט דעם ערשטן גרויסן פילאָזאָפישן פרואוו אַריבערצוטראָגן די עוואָלוציעטעאָריע אַפן מענטשלעכן גײסט גופֿע אין זיין „פענאָמענאָלאָגיע פונם גייסט“ (1804). אין אַ ריין עקספערימענטאַל־וויסנשאַפטלעכער פלאַך האָבן אַוועקגעשטעלט די פראַגע וועגן דעם כאַראַקטער און דער אַנטוויקלונג פון דער מענטשלעכער נעשאָמע פעכנער און וועבער, די באַגרינדער פֿון דער פסיכאָפיזיק („עלעמענטן פֿון פסיכאָפיזיק“, 1860).

בעאיים דער פאָרשנדיקער מענטשלעכער גייסט האָט שוין געהאַט טיף אַריינגעקוקט אין די רעטענישן פון דער ניטאָרגאַנישער און אָרגאַנישער וועלט, האָט בענויגייע צום היסטאָרישן גוירל פונם מענטשן און דער מענטשהייט אין טאָך נאָך אָלץ געהערשט די פאָרשטעלונג וועגן אַן אייביקן פאַרגליוווערטן וועלטסיידער, וואס באַרוט אַף אייביק־הייליקע יעסוידעס, ווי מישפאָכע, אייגנטום, מעלוכע. אין מעשעך פונם 19 יאָרהונדערט האָבן אַ גאַנצע ריי סאָציאַלע אויספאָרשער, באַזונדערס די אוטאָפישע סאָציאַליסטן, געפרואווט זיך אונטערגראָבן אונטער די געזעלשאַפטלעכע הייליקטימער און אויך אַפן געביט פון סאָציאַלע דערשיינונגען פאַרבייטן די פון אייביק־באַשאַפֿענע האַרמאָניע דורך דעם אַנטוויקלונגגעדאַנק.

צו אַ פעסט און טיף באַגרינדעטער וויסנשאַפטלעכער טעאָריע פון דער געזעלשאַפטלעכער עוואָלוציע האָט די איינצלנע פרואוון דערהייבן קאַרל מאַרקס אין זיין עפּאָכעשאַפנדיקן ווערק „קאַפּיטאַל“ (I באנד 1867; II ב. 1885). מיט דעם ווערק איז די אַנטוויקלונג פון דער מענטשהייט איינגעשלאָסן געוואָרן אַלס רינגעלע אין דער גרויסער קייט פון דער אַלגעמיינער וועלטעוואָלוציע. דאָס האָט אַריינגעטראָגן א נייעם שטראָם אין די אויספאָרשונגמעטאָדן פון אַלע געזעלשאַפטלעכע וויסנשאַפטן.

אָט די אַלע איינצלנע טיילן פונם גאַנצן וועלטבּיניען, אָנהייבנדיק פון דער ניטאָרגאַנישער נאַטור און ענדיקנדיק מיט די פאַרוויקלטע גייסטיק־געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען, האָבן איצט געדאַרפט אַרומגענומען ווערן דורכן מענטשלעכן פאַרשטאַנד מיט איין אַלגעמיינעם עוואָלוציע־געזעץ. דעם ערשטן פרואוו פון אַזאַן אַלגעמיינער אַנטוויקלונג־פילאָזאָפיע האָט געמאַכט ספענסער אין זיין „סינטעטישער פילאָזאָפיע“ (פאַרענדיקט 1896). אָבער אין ספענסערס וועלטבאַנעמען שפילט נאָך דער גייסטיק־ספעקולאַטיווער מאָמענט אַ באַדייטנדיקע ראָל.

דער אייביק פאָרשנדיקער מענטשלעכער גייסט האָט זיך ניט געקאָנט באַרואיקן, ווילאַנג דער טעאָרעטישער*) ביניען פון די פילאָזאָפישע סיסטעמען באַרוט נאָך אַף אַבסטראַקטע „אַפריאָרישע“ (פון אָנהייב אָן געגעבענע) באַגריפן, וואָס קאָנען ווייטער ניט אויסגעפאָרשט ווערן ריין וויסנשאַפטלעך. דער שטרעבן אַלץ צו באַגרינדן דורך דערפאַרונג און געוויעס וויסן מיט די מעטאָדן פֿון אינדוקציע און דעדוקציע פירט צו דער באַשאַפונג פון אַ ריין וויסנשאַפטלעכער וועלטאַנשויאונג.

---

*) טעאָריע (גריכיש) הייסט–אַנשויאונג, אבער ניט וויסן.

דער לאַנגער וועג פון דער ביזאַהעריקער וויסנשאַפטלעכער עוואָלוציע געפינט זיין אָפּשלוס אין איינשטיינס אַלגעמיינער רעלאַטיוויטעטטעאָריע. זי פאַראייניקט אין זיך האַרמאָניש די העכסטע דערגרייכונגען פונם מענטשלעכן געדאַנק אַפן געביט פון גענויער פיזיש־מאַטעמאַטישער נאַטוראויספאָרשונג פון איין זייט און די קווינטעסענץ פונם גייסטיק־פילאָזאָפישן קולטורסינטעז פון דער אַנדער זייט. און אינם צענטר פון אָט דער וויסנשאַפטלעכער וועלטאַנשויאונג שטייט אַלס אָרגאַניזירנדיקע הויפּטאידיי — די צייט, וואָס האָט פאַרוואַנדלט רוים און מאַטעריע אין פאָשעטע הילפבאַגריפן. אַלץ, די גאַנצע אומענדלעכע דערשיינונגוועלט, ווערט דאָ אופגעלייזט אין אַן איינהייטלעכער קייט פון ריינע צייטמאָמענטן...

פאַראַלעל מיטן פּראָצעס פון אַלץ טיפערן פאַרשטיין די אַנטוויקלונגוועגן פון דער נאַטור, פון אָנקלייבן וויסנשאַפטלעכע דערפאַרונג און טעכנישע מיגלעכקייטן, האָט דער מענטש אָנגעהייבן שפּירן אין זיך דעם קויעך, וואָס איז באַרופן ניט נאָר פאַסיוו צו באַנעמען, נאָר אויך אַקטיוו צו באַהערשן די גרויסע רוימוועלט.

איך וויל דאָ ניט ריידן וועגן די גראַנדיעזע דערגרייכונגען פון דער טעכניק, פון די מאַכשירים און מעטאָדן פון דער אינדוסטריע, נאָר וועגן דעם גייסטיקן באַהערשן אין עטלעכע בוילעטע עטאַפּן.

דער געזעץ וועגן דער דערהאַלטונג פון דער מאַטעריע פון לאַוואַזיע (1789) און דער געזעץ וועגן דער דערהאַלטונג פון ענערגיע פון מאַיער (1842) האָבן געעפנט נייע פּערספּעקטיוון בענויגייע צום אַקטיוון טראַנספאָרמיזם פון מאַטעריע און ענערגיע. די איבערקערעניש, וואָס די אַנטדעקונג פון ראַדיאום האָט אַרויסגערופן אין דער כעמיע (קיורי 1899), באַדייט די אַקטיווע אומוואַנדלונג פון די ביזאַהער „אומפאַרענדערלעכע" עלעמענטן.

אין דער אייגענער צייט האָט דער מענטש געמאַכט באַדייטנדיקע שריט אַפן וועג פון באַוואוסטזיניקער קינסטלעכער אויסקלייבונג און צופּאַסונג אין דער פלאַנצן־און כאַיעסוועלט.

אַפן טאַגאָרדענונג שטייט דער קינסטלעכער באַשאַפן פון אייוויים און דער אַקטיווער אַריינדרינגען אינם סאָד: ווי שאַפט מען לעבן? דער גרויסער גוילעם־כאָלעם וואַרט אַף זיין פאַרווירקלעכונג.

דער אַליינבאַוואוסטזיין פון דער נאַטור רופט נויטווענדיק אַרויס אַלס רעזולטאַט דעם ווילן צו אַליינבאַהערשונג. שוין אין דער ניטאָרגאַנישער וועלט אַנטפלעקט זיך אָט דער ווילן אין דער קריסטאַליזאַציע. דער מענטש האָט זיך פונם ערשטן מאָמענט אָן דערשפּירט אלס אָרגאַניזירנדיקן וועלטצענטר. נאָר זיך באַלד דערשראָקן פאַר דער מוירעדיקער אופגאַבע, וואָס די אַליינבאַהערשונג פונם קאָסמאָס דורך אים שטעלט פאַר אים אַוועק, האָט ער — גלייך אַראָפּגעוואָרפן די אופגאַבע פון זיינע פּלייצעס און האָט — אַריינגעכאָלעמט דעם סכום פון זיין צוקינפטיקער אַלמעכטיקייט אין זיין הימלגאָט, אינם ווייטן מאָרגן.

נאָר ביסלעכווייז מיטן וואַקסן פון זיינע קויכעס פאַרווירקלעכט ער וואָס ווייטער אַלץ אינטענסיווער אַף דער ערד דעם געטלעכן הערשערכאָלעם. דער מענטש ווערט און מוז ווערן — דען דאָס איז דער ציל פון דער צייט! — דער פרייער וועלטבאַהערשער און וועלטנבאַשעפער.

אַ טייל פון דער פאַסיווער רוימוועלט אין אָנהייב, ווערט דער מענטש וואָס ווייטער אַלץ מער דער אַקטיווער צענטר און טרעגער פון דער פריי שאַפנדיקער צייט.

די אַנטוויקלונג פונם מענטשלעכן וועלטפאַרשטיין און וועלטבאַנעמען פירט אונז אַף אַזאַן אויפן: פונם מיף, אַלס ריינעם רוימסימוואָל, איבער דער רעליגיע, אַלס שטימונג און געפילסיסטעם, אויסגעדריקט אין רוימפאָרמען פון גאָטקולט, דורך דער פילאָזאָפיע,

אַלס רוימצייטלעכן גערֹאַנקענסיסטעם, צו וויסנשאַפט, אַלס האַרמאָניע פון דערפאַרונג, געדאַנק און אינטואיציע אין דער פאָרם פון ריינער צייט.

די אַלגעמיינסטע אַנטוויקלונגטענדענץ פון דער מענטשלעכער וועלטאָנשויאונג איז ווידעראַמאָל -- דער טעמפּאָראַליזם, דער גרויסער קאַמפּ- און שאַפונגוועג פון רוים צו צייט*).



*) דעם פרואוו צו כּאַלויכטן מיט דעם אייגענעם מעטאָד די פּראָבלעמען פון דער אידישער קול-טור האָט דער מעכאַבער געמאַכט אין זיין „טעמפּאָראַליזם". פרואוו פון פילאָזאָפיע פון דער אי-דישער קולטור, ריגע 1919 (רוסיש).

י. דאָבּרושין.

# דער אידישער טעאַטער און דער אידישער אַרבּעטער.

### א.

קיין צווייג פון דער קונסט איז ניט געבּונדן אַזוי דירעקט מיט דער אַרומיקער געזעלשאַפטלעכקייט, קיין צווייג פֿון דער קונסט שפּיגלט ניט אָפּ אַזוי פּאָלגעדיק דעם אַלגעמיינעם דורכשניטגעשמאַק, ווי די טעאַטרקונסט.

די בּינע, די טעאַטרשאַפונג געפֿינט זיך דאָך אונטער דער אוממיטלבּאַרער האַשגאָכע פון דער פּובּליקומאווידיטאָריע און די טעאַטראַלע קונסטווערטן שמידן זיך און ווערן פֿאַרווירקלעכט אַף די אויגן פון זייער געבּרויכער. צווישן די דעקאָמפּאָזיטן, די טיילנעלעמענטן, פֿון וועלכע עס שטעלט זיך צונויף צוזאַמען די טעאַטראַלע קונסט, פֿאַרנעמט דער אוילעמצושויער דעם וויכטיקסטן אָרט.

מ׳קאָן, לעמאָשל, זיך פּאָרשטעלן אַ טעאַטר אָן דעקאָראַציעס, אָן רעזשי, אָן ריידנדיקע און אַפילע אָן לעבּעדיקע אַרטיסטן – מימאָדראַמע און ווערטעפּנטעאַטר – אָבּער קיין שום טעאַטר, אין שאַפֿנדיקן זין פון וואָרט, איז ניט בּאַגרייפלעך אָן דער לעבּעדיקער סוויווע, אָן דעם צושויעראוילעם. דער, וואָס בּאַזוכט דעם טעאַטר, איז דאָרט ניט קיין פּאַסיווער בּלויז צוקוקער, ער ווערט טאַקע איינער פון די טעאַטרעלעמענטן, ער ווערט אַן אַקטיווער גליד פֿונם טעאַטרשפּיל. טעאַטראַלישקייט הייבּט זיך אָן דאָרט און בּלויז דאָרט, וואו ס׳בּאַגעגענען זיך דער שפּילער מיטן צושויער. אָן דער אַקטיווער קינסטלערישער ראָליע פֿונם אוילעם קאָן די בּינע געבּן נאָר לעבּעדיקע סקולפּטור, צי בּאַוועגלעכע בּילדער, אָבּער בּשום אויפן ניט טעאַטר...

אָט דאָס איז אַ קלאַל און אַן איקער, וואָס איז געוועזן געווּנג שטאַרק אַף צו בּאַשטראָפן די אַלע, וואָס האָבּן אין דעם לעצטן יאָרצענדליק געפּרוּווט אָנבּינדן דעם אייראָפּייאישן טעאַטר אינטים-ליטעראַרישע, בּילדעריש-מאַלערישע אופגאַבּן.

איצט איז שוין פֿאַר אַלעמען קלאָר, אַז די סצענע געהערט דער שפּיל און אַז די סצענע און דער צושויערזאַל איז היינו-האַך. און מער, ווי אומעטום, געלינגט דאָ דער פּעריפֿראַז:

„יעדע געזעלשאַפט בּאַקומט בּעפּיירעש דעם טעאַטר, וואָס זי פֿאַרדינט”.

דער אייראָפּייאישער מאַסנטעאַטר איז אויסלאַנד אין נאָך אַד-האַיעם דער סינעמאַטאָגראַף. און נאָר אין רוסלאַנד, וואו די וואונדערבּאַרע אָקטיאַבּטעג זיינען אויסגעוואַקסן אין אַקטיאַבּיאָרן און די בּאַפרייטע מאַסן האָבּן צוזאַמען מיט זייער היסטאָרישן בּאַטרעף בּאַקומען אויך זייער קינסטלערישן געוויכט, דאָ אין רוסלאַנד שטייט דער מאַסנטעאַטר פֿאַר נייע מאַסנוועגן, דאָ האָט דער טעאַטר בּאַקומען נייע בּלוטשטראָמען און שטעלט זיך פֿאַר אַ ציל געבּן דעם מאַסנצושויער די טעאַטראַלע פרייע קונסט, וואָס די פרייע געזעלשאַפט האָט שוין פֿאַרדינט.

### ב.

אויבּ מיר האָבּן נאָך בּיז איצט קיין אידישן קונסטטעאַטר בּעעצעם ניט געהאַט, איז דאָס נאָר מאַכמעס דעם, וואָס מיר האָבּן ניט געהאַט קיין שעפערישן טעאַטרצושויער.

אונזער ערשטע לוּבאָקבינע, דער גאָלדפאַדענישער פאַרווײַלונגטעאַטער, איז אַ קאָשערקינד פֿונ׳ם קאַסרילאָוקער קונסטגעבריכער. אין קאַסרילאָווקע באַם קיניג אַכאַשווייראָש אין שטוב איז שאָלעם־אַליכעם צוזאַמען מיט זײַן העלד, דעם קינד, בײַגעווען באַם ערשטן געבאָרן פֿונם אידישן טעאַטער. פֿון דאָרט זײַנען דאָך דערנאָך אַרויסגעוואַקסן די האצמאכס און ראַפּאַלעכקאָס, אָט די שאָלעם־אַליכעמשע „בלאָנדזשענדע שטערן״ פֿון דער אידישער טעאַטראַלער קונסט.

יאַ. אַף די הינטערגעסלעך באַם שטעטלשן באַלמעלאָכע דעם פּורימשפּילער אין שטוב איז דער אידישער טעאַטער געבאָרן געוואָרן. ער האָט זיך טאַקע אויסגעפּיקט פֿונם פֿאָלקלאָריסטישן פּורימשפּיל און איז באַלד אַליין אויך פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שפּיל און אַ פֿאַרווײַלונגאינינען פֿאַר די אידישע דעמאָלטיקע האַמויִנישע עלעמענטן.

די ערשטע אידישע אַקטיאָרן האָבן אָ פּ ג ע ר י כ ט טעאַטער, געגעבן דעם אוילעם אַ מין ראָמאַנטישן מיש־מאַש פֿון מעדרעשסוזשעטן, געווירצלט מיט פֿאָלקווערטלעך. די גאָלדפאַדענישע פֿאָלקשטיק כאַראַקטעריזירן אַפֿן גלענצנדיקסטן אויפֿן דעם קינסטלערישן נײַטראַליזם פֿון די דעמאָלטיקע נאָך אינגאַנצן רעליגיעזע פֿאָלקשיכטן, וואָס האָבן, פֿאַרשטייט זיך, ניט געקאָנט שטעלן זיך קיין אידייאישע קונסטצילן אַפֿן געביט פֿון טעאַטראַלער קולטור.

אָט אַזוי האָט דער ערשטער אידישער ניטדיפערענצירטער מאַסנצושויער באַשאַפֿן זיך זײַן פֿאַרווײַלונגטעאַטער — די גאָלדפאַדענישע בינע, וואו דער איקער איז געווען ניט די קולטור פֿון טעאַטראַלער פֿאָרם, ווארט, צי אינהאַלט, נאָר די שפּיל, די מימיק, דער אַטלעטישער שפּרונג און טאַקע דעריבער די נײַטראַלע פּלאַסטיק פֿון טענצבאַוועגונגען, אָט דאָס אַלץ, וואָס האָט שפּעטער דעגענערירט צוזאַמען מיטן האַמויִנישן געשמאַק און באַשאַפֿן לעסאָף די פֿאַרגרעבטע אידישע אָפּערעטע.

די ווייטערדיקע שטופּע פֿונם אידישן טעאַטער, די גאָרדינשטופּע שפּיגלט שוין אָפּ מיט אַלעמען דעם שטעטלשן געשמאַק פֿונם אויסגעוואַקסענעם קליינעם באַלאַבעסל, וואָס האָט שוין בעפּיירעש פֿאַרנומען דעם אייבנאָן אינם אידישן טעאַטער און געשאַפֿן זיך אַן אייגענעם רעפּערטואַר און אַפּילע אַן אײַגענעם סצענענוסעך. דער באַלעבאַטישער טעאַטער האָט באַשאַפֿן אַף דער בינע דעם ספּעציפֿיש אידישן מאָראַליזירנדיקן נאַטוראַליזם.

דער אידישער באַלעבאָס, ריכטיקער, די אידישע באַלעבאַטישקייט, האָט דאָך שוין לאַנג אָנגעוואָרן איר היסטאָרישע קולטורשליכעס. דער יעהופּיצער מענאַכעם־מענדל, סיי דער, וואָס איז פֿאַרבליבן דאָ אין רוסלאַנד, סיי דער, וואָס האָט זיך אַריבערגעפּעקלט אין אַמעריקע, האָט שוין לאַנג צעטרענצלט זײַן יערושע, זײַן אַלטגייסטלעכן האָב און גוטס און זײַנע קלוימערשט נײַע קולטורבאַדערפֿענישן, ווי ביכלאַל אין זײַן לעבן שאַפֿט ער ניט קיין אידעאָלאָגישע ווערטן, ער זוכט ניט דעם אייביקייט־פּאָנים פֿון דער נאַציאָנאַלער און וועלטישער געשיכטע, דער אידישער באַלעבאָס איז דעריבער קיינמאָל ניט און אין ערגעץ ניט ניט פֿאַרבונדן מיט קיין שום פּראָבלעמען פֿון ריינעם שאַפֿן.

דער אידישער טעאַטער איז דאָס איינציקע, צו וואָס ס׳האָט געקענט דערהייבן זיך די באַלעבאַטישע קולטורהאַסאָגע. דער אידישער טעאַטער איז דעריבער די סענטימענטאַלע פֿאַרקערפּערונג פֿון אַווײרעס און מיצוועס אַפֿן באָדן פֿון פֿאַמיליענלעבן, ס׳איז דער זיטנטעאַטער, וואָס איז אַזוי ליב דעם קליינבירגערלעכן געשמאַק. און ס׳איז, אַגעוו, פֿאַרשטענדלעך. דער זיטנטעאַטער איז אייגנ פֿאַרבונדן מיט פֿאַרקאָנסערווירטן לעבנשטייגער, ער זינקט אין מישפּאָכעדיקן לעבננוסעך און איז פֿאַרוואַקסן מיט עטנאָגראַפֿיש־פּסיכאָלאָגישע פּראָטים, וואָס גיבן שטאָף פֿאַרן עטישן עפּיזאָד, פֿאַרן דראַמאַטישן אַנעקדאָט און ניט פֿאַר

דאָס עמעס טעאַטראַלע, וואָס שטאַמט פֿונם עסטעטישן, טאָמיד באַנייטן, אין טאָך רעוואָלוציאָנערן בילד און באַוועגונג.

דער אידיש-בירגערלעכער טעאַטער איז דערום קיינמאָל ניט געגאַנגען מיטן וועג, מיטן פֿאָרשריטלעכן וועג פֿון דער אידישער ליטעראַטור און קונסט. ער האָט קיינמאָל ניט געהאָלפֿן אַרויסשיילן דעם אָרגאַנישן מעהוס פֿון פֿאַרטיפֿטע אידישע און מענטשלעכע גייסטווערטן, ער האָט ניט געהאָלפֿן דער אידישער מאָדערנער קולטור אַף איר געשיכטלעך-דורכגעמאָכטן רעוואָלוציאָנערן וועג. ס'איז שוין אַ פֿאַקט. באַ אַזוי פֿיל אויסגעבראַכטע טעאַטראַלע ענערגיע, באַ אַזוינע אָפּט גלענצנדיקע אַרטיסטישע ביי-פֿאַלן האָט אונזער באַלעבאַטישער טעאַטער ניט געשאַפֿן קיין מאַמאָשעסדיקע קונסטווערטן, ער האָט ניט פֿאַרווירקלעכט קיין נייע קולטורשאַצן, וואָס זאָלן באַרייכערן בעכוש דעם אידיש-נייען מענטש און וועלטבאַנעמען. דער גאָרדין-לאַטיינערטעאַטער שטייט אַד-האַיעם אויסער דער האַשפּאָע פֿונם מאָדערנעם אידישן קונסטשאַפֿן, אָט ווי די ווערק גופֿע פֿון די זעלביקע גאָרדין, לאַטיינער — ס'איז אַ באַוויזלעכע דערשיינונג — וואָס שטייען אויסער דעם פּאַנטעאָן פֿון דער אידישער ליטעראַטור, וואָס קאָנען בעשום-אויפֿן ניט איינגעשלאָסן ווערן אין דער „גאָלדענער קייט” פֿונם אידישן קונסטוואָרט.

אָט אַזוי האָט די אידישע באַלעבאַטישקייט, וואָס איז קיינמאָל ניט געווען היסטאָריש-אידיש, געשאַפֿן איר אייגענע טעאַטערבינע, וואָס איז אויך אין מעשעך פֿון דער גאַנצער צייט געשטאַנען אויסער יעדער ווירקונג פֿונם היסטאָריש-אידישן מאָדערנעם קולטורגעדאַנק.

און אומזיסט האָבן איינציקע אונזערע בעסטע, מיט פּערעצן און וויטערן בעראָש, געפּרואווט פֿאַרקינסטלערישן דעם אידישן טעאַטער, געפּרואווט יעדן מאָל מיט קוילע-קוילעס פֿאַרוואַנדלען די פֿאַרמישפּעטע באַלעבאַטישע בינע אין אַן אָרגאַניש-קינסטלערישע באַשעפֿעניש, און יעדן מאָל קלוגמערשט פֿאַטאַליש, גאָרנישט ניט געפּויעלט, און יעדן מאָל מיט אַ האַרצ-ווייַ אַנטוישט זיך אין די סובּיעקטיווע און אָביעקטיווע מיגלעכקייטן פֿון דער אידישער סצענישער קולטור. אומזיסט. די באַלעבאַטישע גזועלשאַפֿטלעכקייט, די שעפֿערין פֿונם גאָרדין-טעאַטער, האָט געמוזט לויט איר עסטעטישלאָזן עצעם בלייבן היסטאָריש טויב-שטום צו דעם געפּלאַנירטן פּערעצ- און וויטערטעאַטער, וואָס וואָלט, ווי אַ קונסטדערשיינונג, בּיפֿראַט אינ'ם מאַסנמאַסשטאַב פֿון אַ טעאַטרדערשיינונג, — געוואָרן געוויס אַ רעוואָלוציאָנערע שאַפֿונג אין זין פֿון קולטור, אין זין פֿון אידישער מאָדערנער קולטור.

בויען דעם אידישן טעאַטער, דעם אידישן קונסטטעאַטער, וועט קאָנען נאָר דער אידישער אַרבּעטער, ריכטיקער די אידישע אַרבּעטקויכעס, וואָס האָבן די איינציקע די אידישע ליטעראַטור, דעם מענדעלע-פּערעץ-שאָלעם-אַלייכעם-פֿאַקט אין אַ געשיכטלעך-באַוואוסטזיניקע דערשיינונג פֿאַרוואַנדלט. די אידישע פּראָלעטאַרישע פּאָטענץ, זי, און נאָר זי, שמידט איצט דעם באַוואוסטזיין פֿון דער נייער אידישער עסטעטיק. און איצט, ווען דער אידישער אַרבּעטער איז אין די באַפֿרייאונגטעג צום פֿולן געשיכטלעכן וואָרט געקומען, ווען ער איז ניט נאָר אַ קולטורפֿאַקטאָר, נאָר אויך אַ קולטורפֿאַקט געוואָרן, וועט ער געוויס אויסבויען דעם אידיש-קינסטלערישן מאַסנטעאַטער. דער נייער ווירקלעכער טרעגער פֿון דער אידישער מאַסנקולטור איז שוין צוגעטראָטן צו זיין שעפֿערישער אַרבּעט. דער טעאַטער, דער שעפֿעריש-נייער קונסטטעאַטער, שטייט אַפֿן טאָגסיידער.

ג.

צוויי זיינען די פּרינציפּן, די הויפּטאיקרים, וואָס דאַרפֿן ליגן אין יעסאָד פֿונם איצטיקן טעאַטראַלן שאַפֿן.

די טעאַטראַלישקייט און עמאָציאָנאַלע מאַסנהאַפּטיקייט.

באַם טעאַטער איז אַ קונסט און אַ זעלבשטענדיקע קונסט, דאַרף זי, ווי יעדער קינסטלערישע דיסציפּלין, האָבן אירע באַזונדערע באַגריפֿונגמיטלען. אָט ווי די מאָלעריי, די סקולפּטור, צי די מוזיק, וואָס אַנטפּלעקן יעדן מאָל פֿאַר אונזערע כּושים נייע האַרמאָניזירטע און אָרגאַניזירטע שטיקער פֿונם וועלטיש-אָנגעוואַקסענעם טייהו-וואָווייהו, אָט אַזוי באַדאַרף אויך דער טעאַטער אַרויסרופֿן צום לעבן, באַשאַפֿן אַ נייע יעש-מעאַינדיקע טעאַטראַלע ווירקלעכקייט. די טעאַטראַלע האַנדלונג דאַרף באַאַרבעטן, פֿאַרוואַנדלען אין קולטור, אַזוי צו זאָגן, אַף אַן אייגענעם און אייגנאַרטיקן שטייגער דעם רויען טעאַטראַלן וועלטשטאָף, וואָס מוז דערגרייכן אָרגאַניזירטערהייט צו אונזערע כּושים מיט דער הילף פֿון דער פֿאָרשטעלערישער פּלאַסטיק.

דער טעאַטער דאַרף אונז אויסלערנען קוקן אַף נאַטור, וועלט און מענטש מיט ספּעציפֿיש-טעאַטראַלע אויגן, אָט ווי די מאָלעריי, וואָס אָנטפּלעקט פֿאַר אונז די מאַלערישע אַרומיקייט, אָט ווי די מוזיק, וואָס שיילט אויס די טאָנאַלישקייט פֿון זאַכן און אַפֿילע פֿון געשעענישן, דער טעאַטער דאַרף אויך אופֿזוכן און אַרויסבאַקומען די טעאַטראַלישקייט, וואָס ליגט באַהאַלטן אין געשעענישן, מענטשן, זאַכן און מאַיסים, אומעטום, וואו ס'איז דאָ האַנדלונג, ריטם און באַוועגונג.

וואָרום יעדער מענטש, יעדער כייפּעץ אַפֿילע, האָט זיך זיין אייגן ראָליע אין לעבן. ער פֿאַרמאָגט בעפֿיירעש אַ טעאַטראַלן מעהוס, ער שפּיגלט אָפּ, ער שטעלט פֿאָר, בעצעם, זיין אייגן עקסיסטענץ. און דעריבער זיינען פֿאַראַן גאַנצע טקופֿעס און איינצלנע מענטשן אַפֿילע, וואָס פֿאַרמאָגן אַ פּאַרטיקע שוין, פֿאַר אַלעמען אַ דורכגעשפּילטע, טעאַטראַלישקייט. דאָס זיינען די טקופֿעס אין מענטשן, וואָס האָבן אַפֿן שטאַרקסטן אויפֿן אָביעקטיווירט זייער געזעלשאַפֿטלעך-היסטאָרישן מעהוס, דאָס זיינען די דינאַמיש-אָנגעזעטיקטע, אַל-פּי-ראָוו רעוואָלוציאָנערע עפּאָכן אין די באַשיימפּערלעך-טעאַטראַלע נאַפּאָלעאָנפיגורן...

אַז ס'זיינען דאָ פֿיגורן, וואָס אָביעקטיווירן אַליין זיך און באַטראַכטן טעאַטראַליש זייער אייגן לעבנשפּיל, האָבן איינגעזען די גרעסטע ליטעראַרישע שעפֿער: דאָסטאָיעווסקי אין „ברידער קאַראַמאַזאָוו", גאָגאָל, האָפֿמאַן, באַלזאַק, אוֹאיילד און, וועאַל-קולאָם, שעקספּיר, דער גאָען פֿון דער סצענע, וואָס האָט באַשאַפֿן פֿאַרן בינע דעם דראַמאַטיש-אייביקן, דעם טעאַטראַליש-צעצווייטן האַמלעטן...

יאַ. פֿאָרשטעלן אַ טיפּ צי אַ געשעעניש הייסט עס טאַקע געפֿינען זייער „ראָליע" אין לעבן. שפּילן שיילאָקן צי אַקאָסטאַ הייסט אופֿדעקן זייער אָביעקטיוו-געזעלשאַפֿטלעכע שליכעס, אַרויסשיילן זיי פֿון זייער פֿאַרגאַנגענהייט און באַהעפֿטן מיט דער קעגנוואַרט, מיט דער אַרומיקייט, אופֿווייזנדיק קוידעם-קאָל זייער געהעריקייט צו אָטאָ דעם טעאַטראוילעם, צו דער צושויער-געזעלשאַפֿטלעכקייט.

ס'איז פֿאַרשטענדלעך, אַז אָט דער מין טעאַטער פֿאָדערט אַן אַטמאָספֿערישע באַלויכטונג פֿון אַ מאַסנלעבן. די אופֿגאַבן פֿון אַזאַ אַרט פֿאָרשטעלערישער אופֿאַסונג זיינען קלאָר און בוילעט געוואָרן נאָכדעם, ווי די רוסלענדישע באַפֿרייאונגבאַוועגונג האָט פֿאַרגעזעלשאַפֿטלעכט דעם גרויסן און ברייטן מאַסנבאַוואוסטזיין, נאָכדעם, ווי יעדער גליד, יעדער פּראַט פֿון דער מאַסנמישפּאָכע האָט זיך באַהעפֿט, אַזוי צו זאָגן, מיט דער געשיכטע. ער האָט באַקומען אַ „ראָליע" אין לעבן און איז געוואָרן דער שעפֿער פֿון אייגענער און אַלגעמיינער עקסיסטענץ.

די אידישע טעאַטראַלע אַוואַנגאַרד [sic]

אלטער פארצויגן, בעעצעם, ביז דער פּראלעטארישער באפרייאונגבאוועגונג. אין די באפרייטע ארבעטלעמענטן, וואס שטייען באם געשכטלעכן רודער, האט די אידישע קולטור געקאנט עפּשער אנטוויקלען די ליריש-טאנאלע קונסט פון ווארט און מוזיק, אבער ניט די דראמאטיש-פּלאסטישע קונסט, איבערהויפּט די טעאטראלע, וואס פאָדערט אַ לעערעכדיקע פרייהייט פון דער געזעלשאַפטלעכקייט, וועלכע פאַרווירקלעכט די דאָזיקע קונסט.

דער דראַמאַטישער שטאָף ווערט געבארן דאָרטן, וואו קאָנפליקטן און שטרייטן ווערן ניט פאַרטויבט און דערשטיקט אינם פּראָצעס פון אונטערטעניקסטן צופּאַסן זיך...

דער אידישער קינסטלערישער דראַמאַטיזם ווערט אָקאָרשט איצט אף אונזערע אויגן געבאָרן דורך דער מאַסנבאַפרייאונג און מיט דער מאַסנבאַפרייאונג. דער נייער מאַסנהאַפטיקער אידישער טעאַטער איז דעריבער — דער עמאָציאָנאלער, דער טעאַטער פון עקסטאַטישער האַנדלונג און עקסטאַטישע איבערלעבונגען. אין יעסאָד פון יעדער עמעס טעאַטראַלער האַנדלונג ליגט די ריינע עמאָציאָנאַלע פאָרם פון איבערלעבונגען און מאַיסים. און פון דאַנען טאַקע פירט דער וועג צום נייען טעאַטער פון קאָלעקטיוון שפּיל, פונם „בעציבערשאַפן”, ווייל דער מאסנאימפּעט, ווי יעדער אופגעוועקטע און אויסגעבראַכטע פאָלקענערגיע, איז דאָך מעסוגל מער אַנטפּלעקן אי די נאַציאָנאַלע טיפּעניש, אי די וועלטישע הויכן פון שאַפונג.

יאָ. דער נייער טעאַטער איז — דער טעאַטער פון דער עמיציאָנאַלער מאַסנאַוואוידע. וואָרום דער ביזאַהעריקער אידישער טעאַטער היין אין זיין פּרימיטיוו-גאָלדפאַדענישער, צי עלעמענטאַר-גאָרדינישער פאָרם, היין אין זיינע רעאַליסטישע אָנשטענדיקע ווינקלפּרואוון איז שוין אינגאַנצן טויט און אויסגעלאָשן. געווים. אַפילע אָט די לעצטע אונזערע איראָפּייאיזירטע, אופגעראַמטע און צוגעגלעטע „אונזערע ווינקלען” פון אַלע מינים זיינען טויטגעבאָרענע מאַפּעלעך. צו שפּעט זיינען זיי געקומען שאַפן דעם אידיש-קינסטלערישן רעאַליזם, באַהעפטן זיך קלוימערשט מיט דער אידישער ליטעראַטור, מיט דעם ריינעם רעפּערטואַר, וואָס האָט געזאָלט אַריינשפּריצן ניי ליטעראַריש בלוט אין דער אָפּגעשטאָנענער טויטער טעאַטראַלער פאָרם.

אַרום און אַרום ווירבלען שוין דאָך נייע פרישע לעבנגקייכעס, ס'זיינען געקומען צום וואָרט, נייע לעבנפאַקטאָרן, נייע לעבנאָנשייאונגען, פון דער איינגער באַלעבאַטישער צימערלופט טראָגט זיך אַריבער די האַנדלונג אין דער ברייט פאַנאַנדערגעגאָסענער געזעלשאַפטלעכקייט. און באַם שיין פון דער נייער ווירקלעכקייט מוז און וועט קוידעם-קאָל איבערגעשאַצט ווערן דער גאַנצער, אַזוי צו זאָגן, פּסיכאָלאָגישער מענטש. דער אַקער פון דער באַפרייאונגבאַוועגונג מוז דורכגיין איבער דעם אַלטן שטייגער טיפער איידער איבער די אַלטע געדראַנקען און אָנשויאונגען.

איז אָט גראָד די אידיש-רעאַליסטישע שפּיל שטעלט זיך די אופגאַבע ווידעראַמאָל געבן כאַראַקטער, שטייגער, טיפּ, בינדנדיק דערמיט דעם צושויער צום צייטווייליקן, אַל-פּי-ראָוו אַלטן און אָפּגעלעבטן. די רעזשיסור, די נאַטוראַליסטישע אויסשטאַטונג, און דעקאָראַציעס פון אַזאַ מין טעאַטער, די קאָנקרעטע ווענט, ביינק, טישן און שטולן פאַלן מערסטנטייל אַריין אין אַ געקינסטלטן שאַרזש און רופן אַרויס אַ שמייכל, אין בעסטן פאַל פאַרפיקסירן זיי פאַרן צושויער רעאַלע גאַשמיעסדיקע פּראָטים, וואָס ווערן געגעבן אַפן ערגסטנאַטוראַליסטישן, ניט קינסטלערישן שטייגער.

אין דער אידישער סוויווע, באַ דער אידישער אָפּגעשטאַנענקייט איז דער רעאַליסטישער טעאַטער בעפּיירעש שעדלעך. די עטיש-פּסיכאָלאָגישע, אין טאָך באַלעבאַטישע פאַרקערפּערונג פון די טיפּן, דער איינגער קרייז פון פאַרפיינערטע אַפילע שטייגערטנועס און שטייגערהאַוויעס, פאַרברייטערן ניט דעם קינסטלערישן האָריזאָנט, רופן ניט צו נייע עמאָ=

ציעם צו נייע שאַפונגס־ און לעבנוועגן. און אומזיסט, ווי געזאָגט, שטרעבט דער אידישער רעאַליסטישער טעאַטער באַהעפטן זיך איצט מיט די בעסטע מוסטערן פון דער אידיש־דראַמאַטישער ליטעראַטור. די ליטעראַרישקייט וועט אים ניט מאַצל זיין.

אַדעראַבע. די היימיש־שטעטלשע בעעצעם טיפן פון אַן אַש, צי אַ הירשביין וועלן אין דער קאָנקרעט־רעאַליסטישער אויסטייטשונג נאָך מער פאַרפסיכאָלאָגיזירט ווערן און מעמיילע נאָך מער פאַרהיימישט און פֿאַרקליינשטעטלט ווערן.

אונזערע אפילע בעסטע קלאַסישע געשטאַלטן ווערן אָן אף דער רעאַליסטישער בינע זייער עמאָציאָנאַל־נאַציאָנאַלן טאָך און פאַרלירן זייער דווירעסדיק־מענטשלעכע באַדייטונג.

דער אידישער טעאַטער שטייט איצט פֿאַר נייע אָנגעוואַקסענע פֿאָרשטעלערישע ווערטן און דאַרף דערום קוידעם־קאָל ראַדיקאַל ענדערן זיין קינסטלערישן פּאָנים. אנשטאָט דעם באַלעבאַטישן נאַטוראַליזם, אנשטאָט דער פּסיכאָלאָגישער אפילע שטימונגבינע, וואָס האָט געמוזט קולטיווירן דעם פאַראַלטערטן לעבנשטייגער און אריינפאַלן אין עטישער סענטימענטאַליטעט, אנשטאָט דעם קלוימערשט נייען ליטעראַרישן טעאַטער, וואָס האָט בלויז אוסגעטייטשט דעם דראַמאַטורג, געווען נאָר אַן אילוסטראַציע־פּיירעש צום דראַמאַטישן ווערק — אנשטאָט דעם אלעם עפענען זיך איצט ברייטע אויסגעפֿאָרשטע וועגן פאַרן עמעסן טעאַטער פֿון אַרטיסט און פונם מאַסנצושויער, פֿאַר דער זעלבשטענדיקער סצעניש־קאָנסטרוקטיווער פֿאָרשטעלונג, וואָס זוכט אוים דעם ריינעם טעאַטראַלן ריטם און באַוועגונג אין וועלט, אין מענטש, אין פלאַך, פאַרב און טאָן.

די אידישע אַרבעטערשאַפט וועט אין דעם נייען טעאַטער זוכן דעם ריטם פֿון אירע אַרבעטפּראָצעסן, דעם ריטמישן אינהאַלט פון איר שאַפנדיקער געזעלשאַפטלעכקייט, פֿון איר שאַפֿנדיק אַרבעטלעבן. די גאָלדאָדערן פֿון דער אידיש־פּראָלעטאַרישער טעאַטערקונסט ליגן צוזאַמען מיט אַ סאַך אַנדערע שאַצן פאַרבאַהאַלטן אין די פעטע ערדן, וואָס ס'האָט אופֿגערודערט די פּראָלעטאַרישע באַפֿרייאונגבוואַליע. ס'דאַרפן און ס'וועלן איצט קומען די קויכעס, וואָס וועלן דעם גאָלד אופֿזוכן, באַאַרבעטן און פאַרווירקלעכן.



מ. גראָס.

## סטיל און באַנאַליטעט

דורך צוויי פּאָלאַרישע עקספּונקטן, וואָס גרעניצן אָפּ אין אומענדלעכער ווייטקייט דעם שעטעך, אַף וועלכן עס שפּילן זיך פאַנאַנדער די קויכעס פון דעם מענטשלעכן גייסט, איז כאַראַקטעריזירט די שפּראַך: סטיל און באַנאַליטעט. גראַפיש אויסגעמאָלן, באַקומען מיר בעערעך דעם בילד פון דער אַריפמעטישער צאָלנליניע מיט דעם צווייטײליקן צאָלנסיסטעם: דעם פּאָזיטיוון און דעם נעגאַטיוון. אַרויסגייענדיק ביידע פונם נולפּונקט, פון כאַאָס, צעשיידן זיך צוויי וועגן קיין רעכטס און קיין לינקס, אין פּאָזיטיווער און אין נעגאַטיווער ריכטונג, און אַנטוויקלען זיך אין דער נאָר ווירטועל פאָרגעשטעלטער ווייטקייט ביז צו די באַגריפן: אומענדלעך פּאָזיטיוו און אומענדלעך נעגאַטיוו, אָדער באַ אונזער נימשל: סטיל און באַנאַליטעט.

ביידע, סטיל און באַנאַליטעט, גייען אַרויס פון דער גייסטיקער נייטראַליטעט פון דעם שפּראַכעלעמענט, ביידע באַנוצן זיך מיט דער אַבסטראַקטער סימוואָליק פון דעמזעלבן ווערטערמאַטעריאַל, וואָס ליגט העפקער פאַר אַלעמען, פאַר דעם קינסטלער פּונקט אַזוי, ווי פאַר דעם אויסגעטראָטענעם רשוס-האָראַבימגייסט, וועלכן מען פאַרקויפט אף אלע יארידים, אָבער ערשט דורך דער ריכטונג, אין וועלכער דער קינסטלער אַנטוויקלט דעם וואָרט דורך דער אַטמאָספער, אין וועלכער עס אָטעמט, ווערט באַשטימט זיין ווערט אָדער אומווערט, זיין גורל.

מיר לייענען לעמאָשל אַ גענוי דעטאַלירטן באַריכט פון אַ געוויסנהאַפטן רעפּאָרטער וועגן דעם לעבן אין אינדיע, מיר הערן זיך אָן טויזנטער פראַטים — טאָפּאָגראַפישע, עטנאָלאָגישע, סטאַטיסטישע, מע רעדט וועגן דער נאַטור, די מענטשן, וועגעטאַציע, קלימאַט א. אז. וו. דער רעפּאָרטער, וועלכער איז דאָך אַל-פּי-ראָוו אויך אַ „שאָענגייסט" וועט מין האַסטאַם נישט פאַרגעסן — אזוי צוזאָגן: פאַר שיינקייט וועגן — צו באַשרייבן מיט זיין געטלעכסטן פענזל דעם „עכט אינדישן" זונפאַרגאַנג, וואָס ער איז אַליין געווען דערביי, כדי דער בילד זאָל שוין גאָר אינגאַנצן קלאָר זיין — אָבער בעעמעס ווייסט און פילט דאָס יעדער פון אונז, אַז דער בילד וועט לאַכלוטן נישט קלאָר זיין; אין בעסטן פאַל וועט אונזער בילדונג פאַרמערט ווערן מיט די דאָזיקע איינצלהייטן, מיר וועלן עפּשר מער וויסן נאָך דער דאָזיקער לעקטיורע, אָבער אונזער גייסטיקער פאַרמעגן וועט דערפון נישט גרעסער ווערן. די דאָזיקע וועלט בלייבט אונז נאָך אַלץ פרעמד און ווייט. מיר זיינען פול מיט אינפאָרמאַציעס וועגן איר, אָבער זי לעבט נישט אין אונז, מיר האָבן אינערלעך קיין שום באַציאונג נישט צו איר. דערפאַר אָבער טרעפט עס אָפטמאָל, אַז איין איינציקער דיכטערישער פערז, איין איינציקע אופריכטיקע שורע, אין וועלכער דער דיכטער וועט אייך איבערגעבן דאַפקע אַ גלייכגילטיקע זאַך, צו וועלכער דער וועלטמענישער רעפּאָרטער וואָלט זיך גאָר קיינמאָל נישט צוגעקוקט, אָט אַזאַ שורע — זאָג איך — עפנט אוף פאַר אונזערע אויגן די גאַנצע מיסטיש-פאַרהוילענע וועלט, אַנטפּלעקט אירע טיפע שיינקייטן, מאַכט אונז קלאָר און דורכזיכטיק דעם אייביקן סאָד פון אירע יאָרטויזנטן—איין איינציקע שורע, איין וואָרט. דאָס איז דער שאַפערישער וואָרט, דאָס פּאָזיטיווע.

אַ וואָרט איז פּאָזיטיוו, ווען די איבערלעבונג־ענערגיע, וואָס דער באַשעפער לייגט אַריין אין אים, האָט בעקוויעך צו פאַרבינדן אונז אינערלעך מיט יענער פאַרבאָרגענער רעאַליטעט, וואָס ליגט פאַרשאָטן אונטער דעם הויפן פון זאַכן און באַגריפן, וואָס מיר רופן טעגלעך אָן זייערע נעמען, נישט ווייסנדיק גאָרנישט פון זייער עמעסן לעבן צו זאָגן. אָט די אויסגעפירטע געדאַנקלעכע אַרבעט באַרעכטיקט אונז – מיט דעם קויעך, וואָס ליגט אין אַרבעט – צום גייסטיקן באַזיץ פון דער דאָזיקער וועלט. דאָס איז די פונקציע פון דעם קינסטלערישן וואָרט – ס ט י ל. נעגאַטיוו, דאקעגן, זיינען יענע ווערטער, וואָס בא זייער סימוואָליזירונג פון געוויסע זאַכן אָדער באַגריפן איז די אויסגעגעבענע ענערגיע גלייך נול. דאָס איז די געדאַנקענלאָזיקייט – ב אַ נ אַ ל י ט ע ט.

באַנאַל הייסט אַלזאָ בעעצעם נישט דאָס, וואָס ס'איז שוין צו אָפט געזאָגט געוואָרן, וואָס ס'איז נישט מער „אָריגינעל". ווארום אַ געדאַנק קאָן זיין איבעראַשנדיק ניי, אַן אַנטפּלעקונג, אויך אין זיין טויזנטסטער פאָרמולירונג, פונקט אַזוי, ווי עס זיינען פון דער אַנדערער זייט פאַראַן אויסגערופענע „אָריגינעלע" דערשיינונגען, וואָס האָבן, נישט באַזיצנדיק דעם מוט צום עפיגאָנענטום, ליידער קיינעם נישט נאָכגעמאַכט, און זיינען דאָך, אָדער עפּשער דאַפקע דערפאַר, באַנאַל פון אָנהייב אָן. זיי זיינען געבאָרן נישט אין נאָמען פון שאַפערישן גייסט, נאָר אין נאָמען פון דער רעוואָלוציאָנערער באַנאַליטעט פון דעם נייעם פּאָעטישן קליינבירגער.

און דאָס טאָר מען נישט פאַרגעסן: בעשאַס די דעבאַטע וועגן דעם אַלטן און דעם נייעם ס ט י ל איז נאָך אַלץ אין אַלע קלייזלעך פון דער וועלט היציק און אומאַנטשיירן, איז איינס, אייגנטלעך, שוין פאַר אַלעמען קלאָר, אַז מיר האָבן היינט זיכער שוין – אַ נייע באַנאַליטעט, אַ שפּאָגל־נייע, וועלכע אונטערשיידט זיך פון דער אַלטער קוידעם־קאָל מיט דעם ראַפינעמענט, מיט וועלכן זי האָט גרויסמוטיק מעוואַטער געווען אַף דער אָן אַ סאָפעק רייכער ירושע פון די אַלטע שונדרעקוויזיטן און זיך בעסער לעכאַטכילע אַנטשלאָסן צו „אָריגינאַליטעט". די אַלטע באַנאַליטעט האָט זיך באַשיידן געלאָזט באַגניגן דערמיט, אָן פּרעטענזיעס נ אָ כ צ ו מ אַ כ ן דעם אַלטן סטיל, די נייע דאַקעגן מאַכט אים פ אָ ר, זי האָט אים אַנטיציפּירט. זי איז די באַנאַליטעט פונם אורשפּרונג.

עס איז די אינערלעכע פאַרשמעלצונג פון קאַרליק און קאָסמאָס, וועלכע איז באַזונדערס כאַראַקטעריסטיש פאַר דער נייער צייט און איר ג ײ ס ט. דער פיליסטער האָט זיך גייסטיק עמאַנציפּירט און האָט פאַרלאָרן דעם איראַס־האַקאָווע פאַר דער נ אַ ט ו ר. ער האָט זיך „פאַרברידערט" און פאַרבייט זיך מיט אַלעמען, מיט דעם אַ ל ץ. ווארום אָן דעם „אַלץ" איז אים די וועלט בעעמעס צו נישטיק. ער טרייסט זיך נאָר מיט דעם ערדקוגל, מיט דעם אומענדלעכן שטאָף, מיט דעם „אינהאַלט". מיטלמעסיק, ווי ער איז בעטעווע, האַלט ער נאָר פון דעם צ וו ע ק, און האַלט דערפאַר אויך אַם מייסטן פון יענעם וואָרט, וואָס מאַכט גרעסער זיין שטאָפּקרייז, וואָס „גיט אים עפעס". אַזוי איז דער קליינבירגער געוואָרן דער פאַרברענטער כאָסיד פון בילדונג, ווארום בילדונג איז באַרעכנט אַף קוואַנטיטעט. מע דאַרף וויסן וואָס מער – כאָטש בעעמעס ד אַ ר ף מען עס גאָרנישט – „מע זאָל עס נישט באַדאַרפן". דער קליינבירגערלעכער מענטש איז נישט אַזוי געשאַפן, ווי – געבילדעט. ער איז דער „טויכן־האָאיניאָנים" פון דער וועלט. ער ווייסט טויזנט זאַכן, צו וועלכע ער האָט נישט קיין שום אינעווייניקסטע שייכעס, וועלכע גייען אים בעעצעם גאָר נישט אָן – דער איקער איז פאַר אים: ער ווייסט זיי, ער איז אינפאָרמירט וועגן זיי אין דער ריכטיקער צייט, נישט צו פרי און נישט צו שפּעט, און האָט אַף דעם אויפן די מיגלעכקייט צו סימולירן „צייטגייסט".

דאָס איז דער סאָד פון דער גייסטיקער באַנאַליטעט: זי וואוינט אין נאָענטער שכנעס מיטן גייסט, און דאָס העכסטע, וואָס זי ווייסט וועגן אים, איז — איר אייגענע צייטגענאָסנשאַפט. זי לעבט שטענדיק אין יענעמס צייט — אַ נייער מין פּאַראַזיטיזם — און קאָן זיך דערפאַר אויך לייכטער פאַרגינען זי אויסצובייטן אַלע מאָל אַף אַ נייער, ביז צו דער גאָר „נייסטער".

דאָ, דאַכט זיך מיר, ליגט אָבער אויך דער שליסל צו דער מאָדערנער סטילפּראָבלעם בכלל. איך מיין, אַז די באַצייכענונגען „אַלט" און „ניי", באַצויגן פון דער קרעמערישער פּראַזנוועלט, זיינען נאָר דורך איבערפלאַכיקע קעפּ צוגעקלעפּט געוואָרן צו דעם באַגריף סטיל, געמיינט געוואָרן איז אָבער דערמיט בעעמעס דאָס, וואָס דער פּיליסטער פאַרשטייט מיט דעם דאָזיקן וואָרט, נעמלעך: באַנאַליטעט. וואָרום פאַר דעם היסטאָריש אָריענטירטן איז קלאָר, אַז די רעפּרעזענטאַטיווע דערשיינונגען אין דער וועלטליטעראַטור, די דיכטערישע זשעניעס, זיינען היינט, פּונקט אַזוי, ווי אין אַלע פריערדיקע יאָרטויזנטן, גלייך אין זייער ווערט, אין זייער שאַפערישער אינטענסיטעט, און מיר ווייסן, אַז אַ סאַך, גאָר אַ סאַך דיכטונגען, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן טויזנט יאָר פאַר קריסטוס, ד. ה. אַלזאָ אין דעם גאָר אַלט-פריינקישן סטיל, וואָלטן נאָך גוט געקאָנט געשריבן ווערן אין היינטיקע צייטן — ווען מען וואָלט נאָר געקענט.

נאָר דער ליטעראַרישער בעלאַבעסל, וועלכער קאָן דאָס אַף קיין פאַל נישט מאַסיג זיין און וועלכער איז הויפּטזעכלעך פול מיט פּאַכעד, ער זאָל כאָלילע נישט בלייבן אונטערשטעליק אין דער גרויסער צייט, ער, וואָס איז אַ ווילנלאָזער, אַריינגעריסן געוואָרן אין דעם שטורמישן געיעג פון דער נייער וועלט, און וואָס וואָלט נעבעך אַוואַדע גערן — אַך, ווי גערן! — זיך ווידער מעכאַיע געווען מיט דעם אַלטן, זיסן שונד פון פאַרצייטנס, ווען מע וואָלט נאָר געמעגט — דער דאָזיקער נייער „מוישעו" איז, אייגנטלעך, דער הויפּטטרעגער פון דעם נייעם סטיל. ער וויל נישט מער, מע זאָל אים נאָך אַלץ באַזינגען די בלייכע לעוואָנע מיט די אַלטע זילבערנע שטראַלן. ער שעמט זיך היינט שוין צו זיין סענטימענטאַל. ער שעמט זיך מיט די קליינשטעטלדיקע שטערן, אַף וועלכע מע האָט אים אַלע יאָרן אויסגעגראַמט די טרערן פון זיינע אויגן, און ער פאָדערט היינט דרייסט פון זיין דיכטער דעם סאַמע גרויסן ריטם, דעם שטאַרקן אימפּולס, די געוואַלטיקע דערהייבונג.

אָט די נייע קליינבירגעריי, די גייסטיקע, האָט איינעפּירט אין דער מאָדערנער פּאָעזיע די אינסטיטוציע פון דעם דיכטערישן אַרלעקין, פון דעם זשעניאַלן נאַר, דעם קונצנמאַכער. מע וויל היינט האָבן אָרדענונג, עקאָנאָמיע אין די גייסטיקע האָריזאָנטן און מע האָט דערפאַר פאַראייניקט ביידע פונקציעס: פון דעם דיכטער און דעם קלאָון. מען האָט דעם גייסטיקן נויפּעלע צוגעגעבן דעם געוואַלטיקן זשעסט פון אַ ריז, און אַף דעם אויפן איז געשאַפן געוואָרן דער אידעאַלבילד פון דעם מאָדערנעם פּאָעט. ער שלינגט איין טויזנט קאָסמאָסן אין דער רעגע, און דער גרויסער מויל, מיט וועלכן ער טוט דאָס, איז געוואָרן דער מאַשטאַב פאַר דער גרויסקייט פון דער צייט, אין וועלכער דאָס איז מיגלעך געוואָרן. און בעעמעס: די דאָזיקע צייט איז שוין טאַקע ווירקלעך געוואָרן אַזוי גרויס, אַז עס קאָנען זיך אין איר באַקוועם איינאָרדענען אַלע צעלאָזנסטע, ווילדסטע אוממיגלעכקייטן. די ליטעראַרישע עקסטענסיטעט צעוואַקסט זיך אַלץ ברייטער און ברייטער אַפן כעשבן פון דער דיכטערישער אינטענסיטעט. מען געווינט וואָס אַ טאָג אַלץ מער נייעם ליטעראַרישן טערן, נייע נעמען, נייע פּראַזן ווערן געבאָרן איבער נאַכט — און אָט די אויסערגעוויינלעכע פרוכפּערקייט האָבן ליטעראַרישע אָנשפּרעכערס געבראַכט אין צוזאַמענהאַנג מיט יענער „אייביקער יונגקייט", וועלכע איז געוואָרן דער שטענדיקער אַטריבוט פאַר אַלע גייסטיקע נישט

דערוואַקסנקייטן, פאַר דעם פּאָעטישן קליינוואַרג. נישט האָבנדיק קיין כּוש פאַר דער טיפער האַרבסטיקער פּראַכט פון פאַרגיין, פאַר דער געטלעכער רופון עלטער, ווערט די נייע באַנאַליטעט גאָר לייכט וואָס אַ טאָג אינגער: זי פאַרבט זיך אונטער די בעקלעך און פּראַוועט פרילינג, ווי די קעץ. עס איז דער בליאַסקעדיקער גלאַנצן פון דעם אומווערט, פון דער איינטאָגיקייט, וואָס קאָן זיך יעדן טאָג פריש באַנייען — דער ווערט אָבער איז אויסערלעך גלאַנצלאָז, פּראָסט און אייביק.

פון אָט דער אָנגעצייכנטער אָריענטירונגליניע (סטיל — באַנאַליטעט) קאָן מען אָבער אויך באַקומען אַ קלערערן אריינבליק אין איינעם פון די טונקעלע ווינקלען. פון דער מאָדערנער ליטעראַטור: דעם ליטעראַרישן מיסטיציזם. איך מיין בּיכלאַל, אַז ס'איז נישט פאַראַן קיין שום אָביעקטיווע סבּע פאַנאַנדערצעטיילן און אָפּצעשיידן די אַלע פאַרשיידענע דיכטערישע פסיידאָעקסיסטענצן, וועלכע זיינען דאָך אַלע צווישן זיך אַזוי אַבסאָלוט גלייך, ווי איין נול מיט דעם אַנדערן, און איך האַלט, אַז שוין צוליב דער מעטאָדישער איינפאַכקייט וואָלט עס געמוזט מיגלעך זיין, צו פאַראייניקן די אַלע דיכטערישע פירמעס אין איין איינציקן גרויסן קאַרטעל, וואָס זאָל רעפּרעזענטירן אַלע אינאיינעם און זאָל צענטראַליזירן די גאַנצע אַרבעט: די הויכע וואָלקנקראַצערהימנען צוזאַמען מיט די פאַרקישעפטע באַסמאַלקעס און מיט דעם גרויסן קאַרליק און איבערהויפּט.

וואָרום דער מיסטישער ליטעראַט אונטערשיידט זיך דאָך, אייגנטלעך, פון דעם עקספּרעסיאָניסטישן ליטעראַט נאָר מיט דעם אַליין, וואָס ער האָט זיך זיין אייגענע — אַוואַדע: טיפע — מיספאַרשטענדעניש פון דעם דיכטערישן שאַפן, פון דער באַדייטונג פונם וואָרט, און עס איז דערפאַר אין טאָך געוומען נישט מער, ווי אַ קאַפּריז, וואָס ער לאָזט זיך נישט באַגניגן מיט דער נאָרמאַלער פאַנטאַזיעלאָזיקייט — און סאָף-קאָל-סאָף לאָזט זיך דאָך דער גאַנצער עקספּרעסיאָניסטישער ווירוואַר רעדוצירן אַף אָט דעם דיכטערישן דעפעקט — וואָס צייכנט אויס דעם עקספּרעסיאָניסט און פאַראַקשנט זיך דאַפקע אף אייגנקייט. ער גלויבט פונקט אַזוי, ווי דער עקספּרעסיאָניסט, אַז די מענטשלעכע אויסדרוקמיטלען זיינען אויסגעשעפּט, אָפּגענוצט, אַז „די מענטשלעכע שפּראַכמאַשינעריע איז נישט מער בעקויעך” א. אז. וו. און אויב עס איז בּיכלאַל פאַראַן וואָס פאַר ס'איז כילעק צווישן אָט די צוויי ליטעראַרישע דערשיינונגען, אזוי איז עס געוויס נאָר אַ כילעק פון טעמפּעראַמענט, אָבער זיכער נישט קיין פּרינציפּיעלער. בעשאַס פאַר דעם עקספּרעסיאָניסט איז כאַראַקטעריסטיש נעבן זיין ברייטער, קאָסמישער גוטברודערשאַפט, אויך אַ מין שפּראַכלעכער אָפּטימיזם, דער גלויבן, אַז דער וואָרט פאַר זיך, דער וואָרט אַליין, אָן דעם דיכטער, קאָן שוין באַווייזן וואונדער, אַבי מע טרייבט עס נאָר אָן מיט דעם געהעריקן זאַמאַך אַף דעם ליטעראַרישן בלאָזזאַק, אַבי עס איז נאָר גענוג באָמבאַסטיש, איז דער מיסטיקער בעטעווע אַ פאַריאַיעשטער, אַ פעסימיסטיקער, אַ פאַרלאָרענער צווישן די פאַרפלאָנטערטע ש"י אוילאָמעס, וואָס ער האָט צו אַבסאָלווירן, און די אָבליגאַטאָרישע מאָרע-שכוירע פון זיין גייסט, פון זיין וועלטאָנשויאונג דריקט זיך אויס באַזונדערס בוילעט אין דעם אָנגעכמורעטן לאָשן זיינעם, אין דער טאָפּלטער „אָפּגעריסנקייט” פון זיינע ווערטער. ער איז ברויגעז אף דער וועלט און ער רעדט נישט מיט איר. ער קאָן איר נישט קוקן גלייך אין די אויגן אַריין און, אַז ער האָט איר אַמאָל שוין יאָ עפּעס צו זאָגן, זאָגט ער דאָס אונטערוויילעכץ און שטאַרק אונטער דער נאָז אַזוי, ווי אַ בייזער טאַטע. ער רעדט נישט, נאָר ער רעדט זיך אונטער, ווייל ער רעדט זיך איין, אַז איין איינציקער גרויסער קרעכץ פון זיין נעשאָמע, אַ פונדאַמענטאַל ער, נאַטירלעך, דריקט אויס טויזנט מאָל מער, ווי די גאַנצע מענטשלעכע שפּראַכקונסט פון אַלע יאָרטויזנטן צוזאַמענגענומען. ער דרייט זיך פוסט און אָנגעבלאָזן אַרום

צווישן די מיסטעריעס, ווי אַ יעוונוך צווישן הינער – עס קאָן דערפון קיינמאָל גאָרנישט אַרויסקומען, קיינמאָל אין דער וועלט נישט.

דאָס איז, לויט מיין געפיל, דער גאַנצער כילעק צווישן די דאָזיקע צוויי ליטעראַרישע באַוועגונגען און איך מיין, אַז אין אָט דעם כילעק ליגט צוגלייך אויך זייער אייגנטלעכע שוטפעסדיקייט, וועלכע זיי באַמיען זיך בײדע צו פאַרווישן, אָפּצולייקענען, געטריי צו דעם נאַטורגעזעץ פון דער באַנאַליטעט, וואָס פאָדערט פאַר יעדער באַזונדערער אומפּיאיקייט, פאַר יעדער מער, ווי אַלטעגליעכער, גייסטלאָזיקייט אינדיווידועלן אויסדרוק – אָריגינאַליטעט.

אזוי האָט זיך, לעמאָשל, דער מיסטיקער ספעציאַליזירט אף דער פאַראַכטונג פונם וואָרט, נישט אַנענדיק, אַז דערינען ליגט, אייגנטלעך, אין טיפערן זין, די פאַראַכטונג פון דעם גייסט, פון דער נאַטור – מיזאַנטראָפּיע. „פאַר איין זאַך – זאָגט פּלאַטאָן – מוזן מיר זיך באַזונדערס היטן. – פאַר וועלכער? – מיר מוזן זיך היטן, נישט פיינט צו באַקומען דעם וואָרט, אזוי ווי איינער ווערט אַ מענטשנפיינט. קיין גרעסער אומגליק קאָן מיט דעם מענטשן נישט טרעפן. און בײדע נעמען זיך פון דער זעלבער געזינונג: דער האַס צום וואָרט און דער מענטשנהאַס... צי איז דאָס נישט זייער טרויעריק, זאָג איך, פאַידאָן, ווען ער שפּייזט זיין גאַנצן לעבן מיטן האַס צום וואָרט און פאַרלירט דעריבער דעם עמעס און די דערקענטעניש פון דער ווירקלעכקייט? – אַוואַדע וואָלט דאָס געווען זייער טרויעריק, בײגאָט! – מיר מוזן זיך אַלזאָ קודעם-קאָל היטן פאַר דעם; מיר טאָרן זיך קיינמאָל נישט צולאָזן דעם געדאַנק, אַז אין דעם וואָרט איז נישט פאַראַן קיין אָנהאַלט”.

אַזוי זאָגט פּלאַטאָן. נאָר די גאָטזוכערישע באַנאַליטעט, וועלכע קאָן זיך נישט לאָזן באַגניגן בלויז מיט „דעם עמעס, מיט דער דערקענטעניש פון דער ווירקלעכקייט”, און וועלכע האָט אין אַלע צייטן און אין אַלע קולטורן, שטענדיק זיך „ענדלעך אַ נעם געטאָן צו די אייביקע פּראָבלעמען פון וועלט און געשעען, קעדיי צו דערגרונטעווען דעם טיפן סאָד פון קאָסמאָס, אָט די מעטאַפיזישע באַנאַליטעט, וואָס האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין מוט און קיין קויעך צום פּאָשעטן וואָרט, צום געדאַנק, האָט זיך טאָמיד געפילט אַם בעסטן צווישן יענע פאַרדעכטיקע געדאַנקענשטרעבעלעך, וועלכע האָבן לעכאַטכילע, אייגנטלעך, געהאַט די פונקציע, צו זיין די קוליסע פון דעם גרויסן שטומלאָשן, וועלכע זיינען אָבער היינט, אַקעגן זייער אויסדריקלעכער באַשטימונג און געוויס אויך צום שאָדן פון דער שפּראַך, אויסגעביטן געוואָרן אַף יענע ווירקלעכע ווערטער, וועלכע זיי האָבן פריער נאָר „גערעדט”.

איך ווייס, אז איך האָב דאָ אָנגערירט נאָר איין זייט פונם מאָדערנעם ליטעראַרישן מיסטיציזם – זיין באַציאונג צום וואָרט – אָבער איך מיין, אַז די דאָזיקע באַציאונג איז אַנטשיידנד. וואָרום דער וואָרט איז נישט, ווי די פראַזע הייסט, דאָס אָנגעטועכץ פונם געדאַנק, די פאַרטיקע, אויסגעאָסענע פאָרם, אין וועלכער מען שטעקט אַריין דעם געדאַנק, ניין! דער וואָרט איז דער פּאָרמאַטאָר פונם געדאַנק, אין דער שפּראַך ווערט ער געבאָרן, זי „געווינט” אים די עקסעמפּלארישע שיינהייט פון געטעס פּאָשעטע וואונדערלעכע פערזן „איבער אַלע בערג איז רו...” רעזולטירט קודעם-קאָל דערפון, וואָס אין יעדן איינציקן פון די ווערטער, אין יעדן אָס, אין יעדער טנוע איז צונויפגעזאַמלט אַזאַ אומענדלעכע פולקייט מיט איבערלעבונג-ענערגיע, וואָס אירע אויסשטראַלונגען זיינען גענוג לעבנאיינהאַלט פאַר א גאַנצן יאָרטויזנט. דאָס איז די מיסטעריע פון יעדער עמעסער דיכטונג. קיין שום דיכטער גיט דער וועלט נישט מער, ווי ער אַליין האָט גענומען פון דער שפּראַך.

אין דעם זין איז יעדער עמעסער דיכטער אַ מיכטיקער. נישט זוכנדיק גאָט מיט ווערטער, מיט יענע אויסגעבלאָזענע פּוסטע רייד, וואָס זיינען, ווי די אויסגעלאָשענע לאַמטער־

נעס, מיט וועלכע מע קלאַפּט ארום אינדערפינצטער, נאָר געפּינענדיק אים אין דעם וואָרט. וואָרום אַלץ ליגט אינם וואָרט – זאָגט נאָוואַלים – מע האָט עס נאָר נישט.

אַקעגן אָט דעם עמעס האָט זיך דער מיסטישער ליטעראַט צורעכטגעמאַכט אַ קונציקן מאַנעוור: ער פּראָאיצירט זיין אייגענע אומדערוואַקסנקייט אַף דעם גערולדיקן קאָסמאָס און דרינגט זיך טאַקע דערפּון אַרויס זיין זשעניאַלע גרויסקייט. ער איז אין אַלע אייביקייטן דער זשעניאַלכטער נישמאַרויכזאָגער פון דעם גרויסן כאָד, פון דער געטלעכער מיסטעריע, און מע מוז מודע זיין: דאָס דאָזיקע זשעניאַלע נישט אַרויסזאָגן קומט אים נישט אָן אַזוי לייכט, ווי מע מיינט. ער מוז שטענדיק אָנהייבן גאָר פון ברייִשיס. ער מוז אייביק ריידן פון אַלעמען, פון גאָט און פון דעם טויט, פון דעם ווייטן פויגל און דעם קריסטאָלענעם פּאַלעץ, פון דעם סאָטן און אַלדי רוכעס, ביז ער קומט ערשט דערצו, נישט אַרויסצוזאָגן דאָס, וואָס ער וויל. אַף די הויכע פליגלען פון זיין קאָכמישער אָריענטירטקייט ווערט ער מוטיק אַנטרונען פון יענע טיפּערע ספערן, וואו עס דרויט אים דער ציל...

דער קליינבירגער זעט דעם פלי און קאָמבינירט טיפזיניק און מאָליי־איספּיילעם: „אומענדלעכקייט – – וועלטנעשאָמע – – אייביקייט – – מייסע־ברייִשים...״

אַזוי, ווי עס טרעפט אַמאָל, אַז אין שניידערישן שולעכל צעזינגט און צעליאַרימט זיך פּלוצים איינער אַ איד, ער פליט און ער ברענט און גייט אַמאָל אַרויס פון די קיילים – און דער גאַנצער קאָהאָל שטייט צעטומלט און גאַפט, ווערט ניוההל־אומישטוימעם, און פאַרגעסט אַף אַ רעגע, אַז דאָס איז, אייגנטלעך, נאָר רעפאָעל דער גלעזער, דער טויבער רעפאָעל...



## פון דער רעדאַקציע.

די פּראָבלעם פון סטיל און באַנאַליטעט געהערט צו די שטענדיק אַקטועלע. זי שטייט בלי־ספק אויך פאַר דער מאָדערנער ליטעראַרישער וועלט. דער מעכאַבער פונם איבנגעדרוקטן אַרטיקל שטעלט די פראַגע אַוועק אייגנאַרטיק און אינטערעסאַנט, אָבער מיט זיינע קאָנקרעטע אויספירונגען זיינען מיר אין אַ סאַך פּראָטים ניט מאַסקים.

עס באַקומט זיך אָפּט דער איינדרוק, אַז דער מעכאבער איז גאָר ניט אויסן אָפּצעטיילן פון דער יונגער דיכטונג די טאַלענטלאָזע קונצנמאַבעריי, וואָס נוצט אויס, ווי שטענדיק, די אינעווייניקסטע קרוווּעשאַפט פון „מאָדערן״ און „מאָדע״ און מאַכט זיך ברייט אַפן פּאַרנאַס. האַגאַם זיינע פיילן זיינען געריכטעט אין זיי, ציען זיך אָפטמאָל פעדים פון פיינדשאַפט צו דער מאָדערנער ליטעראַטור ביכלאַל, אַלס אַנזאָגערין פונם נייעם לעבנגעפיל.

דער קויעך פון דער מאָדערנער ליטעראַטור איז דער ברייטער וועלטבאַנעמען, דער דרייסטער אופלי, דער מוטיקער ווילן צו זיין פריי, אייגנאַרטיק, דער שטרעבן צו שאַפן אַן אייגענע נייע פאָרם.

באַזונדערס בולעט ווייזט זיך אַרויס דער איבערברוך אין דער אידישער פּאָעזיע.

אין דער ביזאיצטיקער אידישער ליריק האָט אין אַלע פּראָטים געהערשט און געוועלטיקט דער מינאָר: אין געפיל, טאָן, פאַרב און ליניע.

די געפילגאמע איז געווען: אומעט, איימע, איינזאמקייט, יאָמערליבע, וועלטוויטיק.
די טענערגאמע: א שטארבנדיקע שטים, א פערטלטאָן, א זיפץ, א קרעכץ.
די פארבנגאמע: צווישן שווארץ און גראָ, שאָטן אף שאָטן, אייביקער ביינהאשמאָשעס.
די ריכטונג פון דער ליניע: פון אויבן אראָפּ, וואָס נידעריקער, וואָס גדריקטער.
דער טעמפּ: פון קריכן, פון גויסעסן.

אין קעגנזאץ צו דעם אַלעם האָט די נייסטע אידישע דיכטונג געבראכט אף שטורעמדיקע פליגלען דעם מאזשאָר.

אינם סכום פון געפילן פארנעמען דעם פירנדיקן איבנאָן: לעבנפרייד, מוט, קאמפלוס= קלאלקייט, שטורעמליבע, וועלטפאפאָס.

צוזאמען מיט זיי האָט זיך ארייננגעריסן א שטראָם פון פרישע מאזשאָרטענער: פילע קלאנגען, פרייע אפענע שטימען, און א פריידיק אופשריי רייסט זיך אָפּטמאָל פונם דיכטער ארויס.

זיין פּאָליטרע מיידט אויס דעם אלטן שווארץ=גראָ און באנוצט זיך אָפטער, ווי אלץ, מיט דער באגינענגאמע: רויט — געלב. און זאל די געלע פארב אופרייסן די אויג, די הארץ, דעם ווילן.

אלע ליניעס פונם דיכטערס ארכיטעקטאָניק ציען זיך פון אונטן ארוף, אין דער הויך! געצויגן=געטראָגן צו נייע=ווייטע האריזאָנטן.

און דער טעמפּ — איז פון לויפן, פון פליען.

דאָס איז, פארשטייט זיך, נאָר די טענדענץ, אָנגעמערקט אין אלגעמיינע סטירעקאנטורן. פאר דער מאָדערנער פּאָעזיע שטייט א גרויסע נייע אופגאבע — צו געפינען דעם פולקומען עסטעטישן אויסדרוק פארן נייעם דיינקען=פילן=ווילן, וואָס האלט איצט אין געבאָרן ווערן. דערצו איז נויטיק א נייער פרייער צוגאנג, פריי פון אלטע פענטעם און מאָסן. און דאָס נייע ווערט באשאפן אינם שטורעם קעגן די מאָנאָטאָנע ריטמיק און שטרייגג מעכאניש צוגעמאָסטענע מעטריק פון דער קלאסישער פּאָעזיע.

עס איז דעריבער קיין וואונדער ניט, אז דערביי שפּרינגט אָפּטמאָל די מאָדערנע דיכטונג אריבער די גרעניצן פון אירע אייגענע מיגלעכקייטן. און מע קאָן דערביי בעשום אויפן ניט אויסמיידן די אלע טויזנט און איין טאָעס, וואָס ווערן געמאכט באַם אָנטאפּן אינם גרויסן פּאָעטישן כאאָס די שווינדלדיקע וועגן פון דער נייער קונסט.

די נעשאָמע פונם דיכטער ווערט אופגעריסן פון שטורעמדיקע פאָרגעפילן, זיין גייסט ווערט פאַרפלייצט פונם געוואַלדיקן כאאָס פון איבערלעבונגען, וואָס שטראָמט אין אים פון אומעטום אריין. און מער, ווי געניאל, מוז ער זיין, קעדיי דערביי ניט צו שטאמלען קינדעריש= אומבאהאָלפענע קלאנגען, ווילד פרעמדע פאר אונזער אויער. דאָס שטאמלען פונם נייגעבאָרענעם, וואָס איז אונז ליב און טייער, וויפיל ער זאָל ניט גרייזן. דען — וואונדערלעך שיין איז אלעמאָל דער באגינען.

מ. גראָס אָבער האָט ליב „דעם הארבסטיקן פראַכט פון פאַרגיין". דעריבער מאַכט אים דער ראַעשדיקער שפּראָצן פון די יונגע און צו יונגע קיין פרייד ניט, און צו לייכט מאַכט ער זיך דעם שפּיל, בעשאַס ער וואַרפט אַריין אין איין זאַק אַזוינע צוויי גרונטפאַרשיידענע ליטעראַרישע ריכטונגען, ווי מיסטיציזם און עקספּרעסיאָניזם. וויניקער פון אַלץ ווילן מיר פאַרטיידיקן דעם מיסטיציזם, וואָס האָט בעעמעס אַ שוואַכן שייכעס צו דער אַנטפּלעקונג פון דער נייער וועלטשיינהייט. און דאָ זיינען מיר מיטן מעכאַבער, מאַסקים.

אָבער ווי קאָן מען מיט דער אייגענער מאָס צוגיין צום פּראָבלעם פון עקספּרעסיאָניזם אין דער ליטעראַטור? טאַקע צום פּראָבלעם און ניט צו דעם אָדער יענעם עקספּרעסיאָניסטן. דען אויב דער עקספּרעסיאָניזם מאַכט אין דער פּאָעזיע זיינע ערשטע, אָפט אומבאַהאָלפענע

שריט, האָט ער אַף די אַנדערע געביטן פון קונסט, באַזונדערס אין דער מאָלעריי, שוין בוילעט אַרויסגעוויזן די פּ־וכטבאַרקייט פון זיין מעטאָד.

און דער מעטאָד באַשטייט אין אויסדריקן מיט די גערינגסטע אויסערלעכע מיטלען דעם טיפסטן און ברייטסטן נעשאָמעפּאַרנעם אין זיין ריינסטער אוניווערסאַלער צייטלעכקייט.

מ. גראָס גיט אָבער וועגן עקספּרעסיאָניזם ניט קיין באַגריף און ניט קיין קריטישע אָפּ־שאַצונג, נאָר אַ פּאָשעטע פּאַראורטיילונג. ער וויל זיך ניט פאַנאַנדערקלייבן אינם „עקספּרע־סיאָניסטישן ווירוואַר".

אין דער פראַגע פון ס.טיל און באַנאַליטעט איז לויט גראָס מיינונג ניטאָ קיין כילעק צווישן אַלט און ניי. און דאָך איז אים דער מאַלעגיירע־סטיליסט פון דער אָפּגעשטאָרבענער געפילוועלט, אָט די אומדערטר.נגלעכסטע פון אַלע באַנאַליטעטן, פאָרט נענטער, ווי דער טאַלענטלאָזער יונגער דיכטער, וואָס ווערט מיטגעריסן מיטן נייעם שטראָם, זיך מיט אים אין טאָך ניט אַסימילירנדיק.

אָבער בעשאַס עס טראָגט זיך איבער דער וועלט אַ מעכטיקער ש.ראָם, רייסט ער מיט זיך מיט לייכטע שטרויעלעך און בוימער גרויסע. ס איז פון גראָס אַרטיקל ניט קלאָר, צי זעט ער אַכוץ די שטרויעלעך א.יך דעם שטראָם.

און דאָך אַנטהאַלט דער אַרטיקל אין זיין ערשטן טייל אַ ריכטיקן צוגאַנג צו דער פראַגע און מיט דעם מעטאָד וואָלט מען יאָ געקאָנט זיך פּאַנאַנדערקלייבן אינם הייניקן ליטעראַרישן „ווירוואַר" און מיטהעלפן דער מאָדערנער דיכטונג אָפּצוטרייסלען פון זיך די באַנאַלע נאָכשלעפּערס און מיטשרייערס, די „מויבע רעפּאָעלם".



## דרוקפעלער.

אין דערציילונג „טשיזשיק״ פון א. מ. פוקס זיינען באַם איבערשיקן דעם מאַנוסקריפּט פאַרלאָרן געגאַנגען פאָלגענדיקע שורעס, וואָס דאַרפן אַריינקומען אַף דער זייט 16 צווישן די שורעס 10 און 11.

דער פּראָטעסט אַקעגן די ליבעס אָן מאַמאָשעס, וואָס האָבן זיך אויסגעוועבט, און ס׳איז פון זיי מער גאָרנישט פאַרבליבן, נאָר אַ טרויעריקער פאַרוויטעטער דופט, ווי פון פאַוויאַנעטע בלומען.

אַקעגנאיבער אַ פאַרטרויעטן איינלאַדנדיקן טויער מיט צוויי בוימלעך, וואָס האָבן געשטעקט אין גרויסע הילצערנע בלומענטעפּ, וואָס דורך זיי האָט זיך דורכגעשלאָגן פון דער רויטער שויב דער אויפשריפט: „האָטעל צום ווייסן לעמעלע״, איז לאַזאַר מיט דער מיידל שטיין געבליבן. לאַזאַר איז געווען אַביסל צעמישט. ער האָט געזוכט עפּעס אין קעשענע און ס׳איז אים שווער געווען צו ריידן:

– דאָ...

האָט ער געזאָגט.

פרידאַ איז רויט געוואָרן און ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז זי כאַפּט זיך צו אַנטלויפן, אָבער זי איז אַריבער דעם וועג און איז די ערשטע אַריין אין טויער.

דער פּאַרטיער, גרויס, ברייט, מיט אַ גילדערנעם בענדעלע אַפן היטל, און מיט צוויי ווייסע בעבאָוועדיקע באַקנבערד, ווי בײַ פראַנץ־יאָזעפן, האָט פויל אופגעהייבן די אויגן פון דער צייטונג און בייז באַטראַכט פון דער זייט די נייע פּאָרל מיט כשאַד און סינע, ווי אײנער רעדט: זיי אויך...

שווייגנדיק האָט ער צוגענומען די געלט, דערלאַנגט בעאַל־קאָרבע דעם שליסל פונם שוואַרצן ברעטל און דערנאָך האָט ער אַ הוסט געטאָן.

די גאַנצע וועלט מיט ציטעריקער אומגעדולטיקער דערוואַרטונג, וואָס אין איר ליגט דער טאָך פונם גאַנצן לעבן, איז געווען אַריינגעפּרעסט אין דער איינציקער רעגע, איידער די באַדינערין פון דאַנען, מיט דער פאַרבונדענער באַק, האָט אופגעשלאָסן דעם צימער. זי איז אַריין פאָרויס, אַ טאַפּ געטאָן די בעט און אַרויסגעגאַנגען.

